א. ניסענזאָן

# דאָס צוגעזאָגטע לאַנד

דראַמאַטישע פּאָעמע
אין צוועלף בילדער

הויפּטפּאַרקויף:
אידיש בוך געזעלשאַפט
149 צווייטע עוועניו
ניו יאָרק

204

**דער העלד פון דעם דאָזיקן ווערק איז אָדם — דער מענטש.**
די צייט — זעקס טויזנט יאָר.

די ביבל דערציילט אַז דער באַשעפער האָט דעם מענטשן באַשאַפן ערשט אויפן זעקסטן טאָג. דאָס הייסט, עס האָט געדויערט גאַנצע זעקס טעג פון עקספּערימענט ביז ער איז דער־גאַנגען צום מענטשן, דער פּערפעקציע פון זיין יצירה. זיך פאַרקערפּערט אינם מענטשן.

ביים פאָלק איז דאָ אַ באַגריף אַז טויזנט יאָר איז ביי גאָט אַ טאָג. טעאָלאָגן האָבן אויף דעם געדאַנק ספּעקולירט.

אָננעמענדיק אַז דער מענטש איז באַשאַפן אין באַשעפערס געשטאַלט און אַז ער פאַרמאָגט דעם כוח פון יצירה — מוח, דאַרף ער אין דער ראָם פון דעם ציפער זעקס — זעקס טעג אָדער זעקס טויזנט יאָר — דורך עקספּערימענט, אָדער דורך דעם פּראָצעס פון עוואָלוציע, דערגיין צו זיין פּערפעקציע — גאָט.

די אידייע: פון גאָט צו מענטש און צוריק — פון מענטש צו גאָט — אחד.

די געשיכטע ווייזט אונז צוויי קעמפענדיקע כוחות אינם מענטשן — חומר און גייסט, וואָס זוכן פאַראייניקונג — איינס.

אָנהויב געשיכטע: דער מענטש אַנטפּלעקט זיין מוח און באַגרייפט די צעצווייטקייט — גוף און מוח — צוויי רעטע־נישן — שפּאַלטונג. ביידע רעטענישן זוכן קלאָרקייט. ביידע כוחות זוכן פאַרקערפּערונג. אָדם ווערט פאַרוואַנדלט אין צוויי געשטאַלטן — פּרעה און משה. ביידע געשטאַלטן גייען דורך פאַרוואַנדלונגען אויף די בלעטער פון געשיכטע, דורך כסדר'דיקן געראַנגל, און האַלטן זיך ביי באַגעגענען. וויסנשאַפט האַלט זיי ביי צוזאַמענשמעלצן.

דער סוף פון זעקסטן טויזנט איז ניט גאָר וייט.

מיר האַלטן ביי תרצ"ח.

והיה באחרית הימים . . .
ישעיה, קאַפּיטל ב

## בילדער :

דאָס לעבן הויבט זיך אָן

פּרעהס חלום

געזאַנג פון בלוט

געבורט פון גאָט

געזאַנג פון טויט

געבורט פון מענטש

די אָרימע מלוכה

שטערן זינגען

האַס און ליבע

דאָס לעצטע געראַנגל

באַרג פון זון

ליכטיקער סוף — ליכטיקער אָנהויב

# אַרייַנפֿיר

קום, אינגעלע, זעץ זיך אַוועק און לערן:
אין זעקס טעג האָט גאָט באַשאַפֿן די וועלט.
דעם ערשטן טאָג האָט ער באַשאַפֿן ליכט און פֿינצטערניש.
דעם צווייטן טאָג האָט ער באַשאַפֿן הימל.
דעם דריטן טאָג האָט ער באַשאַפֿן וואַסער און יבשה,
קרייטעכצער און בוימער לויט זייערע מינים.
דעם פֿערטן טאָג — זון, לבנה און שטערן.
דעם פֿינפֿטן טאָג האָט ער באַשאַפֿן ים־חיות,
אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן וואָס קריכן און וואָס פֿליען.
דעם זעקסטן טאָג האָט ער באַשאַפֿן דעם מענטש.
און זיין אַרבעט איז געווען פֿאַרענדיקט און ער האָט גערוט.
דער זיידע, אינגעלע, האָט אָבער פֿאַרמאָגט חכמה און ווייסע האָר,
און ער האָט געלערנט: אַ טאָג בײַ גאָט איז טויזנט יאָר.
זעקס טויזנט יאָר האָט גאָט גענומען צו דערגיין פֿון מענטש דעם סוד.
זעקס טויזנט יאָר לאַנג, אינגעלע, איז דער וועג צו גאָט.
איז געבליבן, אינגעלע, א קיימא לן פֿון דריי יאָרהונדערט;
זע און הער און פֿאַרנעם דאָס גרויסע וואונדער
וואָס געשעט אין אונזערע צייטן;
זע און הער און פֿאַרנעם ווי פֿון אַלע זייטן
דורך שלאַכטפֿעלד, דורך באַריקאַדע, דורך תליה,
ווי דורך צעפּראַלטע טויערן,
ווי זון אײַן פֿרימאָרגן ווערט געבוירן
דער מענטש — דער סוד
און דערגייט צום יסוד:
גאָט.

# דאָס לעבן הויבט זיך אָן

ג ע ש ט אַ ל ט ן :

| | |
|---|---|
| אָדם | לוציפער |
| חוה | יעהאָווע |

(אַ קלאָרער באַגינען. די באַגינען בלויקייט הויבט אָן ביסלעכווייז פאַר־שווינדן. עס גייט אויף די זון. אַ קליין איינפאַד שטיבל מיט אָפענע פענצטער. שטילקייט. פון דער ווייט הערן זיך טענער פון תפילות).

לויב דיר, לויב, באַשעפער,
דו זון, דו ליכט, דו גאָט ;
ס'איז ניט פאַר אונז צו טרעפן
דעם וואונדער פון דיין סוד.
דו האָסט געזאָגט : זאָל ווערן !
איז קוק איך און איך גלויב ;
אָ, זינג, דו מאָרגנשטערן,
אָ, זון, קום זינג און לויב.

(אדם און חוה, אויפגעוועקט פון געזאַנג, קומען צו צום פענצטער, קניען און זינגען :)

ליב דיר, ליב, באשעפער,
דו זון, דו ליכט, דו גאָט;
ס'איז ניט פאַר אונז צו טרעפן
דעם וואונדער פון דיין סוד...

**לוציפער:**

(קומט אָן פון אַ זייטיקער אַלייע. שטעלט זיך אָפּ. קוקט זיך אַרום
אין אַלע זייטן. הערט זיך איין.)
ס'געזינדל האָט זיך שוין צעזונגען. טפוי!
טאָג־איין, טאָג־אויס, מ'קען משוגע ווערן;
ווי ווערט ניט נמאס זיי די חניפה אַלע טאָג,
און אים, ווי ווערט ניט נמאס דאָס צו הערן!

**חוה:**

(הויבט אויף דעם קאָפּ, דערזעט לוציפערן).
זע, אָדם, נאָך אַ מענטש דאָ אין גן־עדן,
באמערק די שאַרפע צייכנס אויף זיין פּנים,
די אויגן טיף אַריינגעזעצט אין שטערן,
עס שלאָגט פון זיי אַרויס אַ קאַלטער פייער,
און זע ווי שטאָלץ ער טוט דאָס אַלץ באַטראַכטן
ווען אַלץ אַרום איז פול מיט ליב און תפילה.
ווער איז ער, אָדם?

**אָדם:**

(הויבט אויף דעם קאָפּ און טוט אַ קוק. ווערט בלאַס).

**חוה:**

וואָס איז דיר, אָדם?
וואָס ביזטו בלאַס געוואָרן?

**אָדם:**

(פאַרשטעלט זיך מיט די הענט די אויגן).
קוק ניט, חוה! דאָס איז אַ בייזער גייסט.
ער קומט אַהער אונזביידן אומצוברענגען.

**חוה:**

כ'פאַרשטיי ניט, אָדם, כ'פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט.

אָדם:

ער איז ביינאַכט געקומען מיר צו חלום,
מיט לעסטערונג געזעדט אויף דעם באַשעפער:
אָדם, זאָגט ער, ביזט מאַכטיק פּונקט ווי ער,
ווי ער, ביזטו פון זעלבן שטאָף געקנאָטן.
נאָר ער האָט מיך גענומען זיך צו הילף,
און מיט מיין הילף האָט ער זיך אויסגעפורעמט
פון זעלבן שטאָף, וואָס ער אַליין באַשטייט,
אין זעקס יאָרטויזנטער אַ ווערק, און רופט עס לעבן.
און וייל ער ווייס, אַז סוד מוז ווערן קלאָרקייט,
און וויל ער וויל ניט טיילן זיך מיט זיין ממשלה,
האָט ער פאַרזאָגט: טו דאָס און דאָס טו ניט.
ער האָט באַשאַפן נאָך אַ ווערק: דעם טויט.
און מיט אַ כיון אים מיט שוואַרץ געפאַרבן,
אַז ער זאָל זיין דער אייביקער קאָנטראַסט,
און אָנוואַרפן אַ שרעק אויף יעדן צווייפל.
ער האַלט אים נאָך דערווייל אין צוים און וואַרט.
זיי וויסן אָבער, אָדם, ס'איז דער טויט,
ניט מער ווי נאָר די צווייטע זייט פון לעבן,
פון דרויסן נאָר איז טויט פאַרשטעלט מיט שוואַרץ.
אויף יענער זייט פון טויט איז ליכט פאַראַנען,
ווי די וואָס יעדן מאָרגן זעסטו אויפגיין,
זיי קומען ביידע פון דעמזעלבן קוואַל,
און איינס איז די דערגאַנצונג פון דאָס צווייטע...
איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט קאַלטן שווייס באַגאָסן,
און מער קיין אויג ניט צומאַכן געקענט.

חוה:

(נעמט מוטערלעך אָדמס קאָפּ אין אירע הענט, טוליעט עס צו איר ברוסט)

מיין אָדם, ליבער מיינער, פאַרגעס אָן אים, פאַרגעס,
ס'האָט דער באַשעפער דיך אויספּרוּאוון געוואָלט
צי דינסטו אים מיט האַרץ און מיט נשמה.
(הויבט אויף דעם קאָפּ)

זע, אָדם, די זון איז שוין אַרויס אין פולער פּראַכט,
דער חלום איז אַוועק אויף פליגל פון דער נאַכט,
מיט אים איז אויך דער בייזער גייסט פאַרשוואונדן,
קום, לאָמיר טרינקען דעם באַשעפערס וואונדער.

**אָדם:**

(באַרואיקט, הייבט אויף דעם קאָפּ. צעשמייכלט זיך ווי אַ קינד)
חוה, געליבטע מיינע, מוטער, פרוי,
ביזט דעם באַשעפערס וואונדערלעכסטע שאַפונג;
עס שטראַלט פון דיר מיט גוטסקייט און מיט רו,
ווי פון דער זון שטראַלט וואַרימקייט און לעבן.

**חוה:**

(ווייזט אָן אָדמען אויף די ביימער הינטערן פענצטער)
זע, אָדם, וויפל פּירות איבער נאַכט
עס האָבן אויף די ביימער זיך צעצייטיקט.
קום, אָדם, ס'הונגערט מיך, שוין צייט צו עסן,
נאָר, היט זיך, יענעם בוים דאָרט ריר ניט אָן,
(אָדם און חוה גייען אַרויס און פאַרשווינדן אין גאָרטן)

**לוציפער:**

(קומט אַריין דורך דער אָפענער טיר. שפּאַנט אַרום. שטעלט זיך
אָפּ, ציט אָפּ דעם אָטעם).
עס שמעקט דאָ מיט אַזוי פיל רו און ליבע,
ווי אין אַ טויבן־נעסט. פוי!

**יעהאָוועַ:**

(קומט אַריין דורך דער אָפענער טיר. דערזעט לוציפערן).
וואָס טוסטו דאָ? וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום?
איך האָב דאָך דיר פאַרזאָגט זאָלסט זיי צורו לאָזן!

**לוציפער:**

און דו? וואָס יאָגסטו זיך נאָך מיר וואו נאָר איך שטיי און גיי?
פאַרפאָלגסט מיך ווי אין אַ העלער נאַכט אַ שאָטן.
וואָס האָסטו מורא, כ'וועל זיי דעם סוד אַנטפּלעקן,
און דו וועסט מער ניט קענען שרעקן מיט דיין מאַכט!

**יעהאָווע:**

איך, מורא פאַר דיר? האַ־האַ —, אַ שפּאַס, באמת!
איך קען דאָך דיך צעקוועטשן ווי אַ וואָרים.

**לוציפער:**

וואָס פאַר אַ כוח צו פאַר׳שיכורן ס׳האָט מאַכט!
וואָס פאַר אַ בלענדעניש עס שפּרייט אויס פאַר די אויגן!
ווי גיך דו האָסט פאַרגעסן ווי מיר האָבן
צוזאַמען וואַסער־ערד־און־זון געקנאָטן
אין פליגעלעך, אין ווערימלעך, אין חיות,
ביז ס׳האָט אַ בליץ געטאָן אַ ליכטיקער געדאַנק,
און ביידע האָבן מיר דעם מענטש פאַרטראַכט.
געדיינקסט, ווי ביידע האָבען מיר באַשלאָסן
אַז ער זאָל זיין אָן אָפּשפּיגלונג פוןביידן:
דו — גלויבן, און איך — צווייפל איביקער.
דו האָסט קיין מאַכט ניט צו צעשטערן מיך,
ווי דו האָסט זיך קיין מאַכט ניט צו צעשטערן.
דו האָסט געזאָגט אַ מעכטיקן: זאָל ווערן!
און ווערן מוז כסדר, אָן אַ סוף.

**יעהאָווע:**

איך האָב געזאָגט זאָל ווערן, איז געוואָרן.
איצט איז עס דאָ. מיין ארבעט איז פאַרענדיקט.

**לוציפער:**

דו האָסט פאַרענדיקט, און איך — איך הויב ערשט אָן.

**יעהאָווע:**

דו הויבסט אָן וואָס?

**לוציפער:**

איך הויב אָן דיך פאַרווירקלעכן אין אים,
און ווייזן דיר דאָס וואונדער פון דיין ווערק.

**יעהאָווע:**

דו, ווייזן מיר? ווער ביזטו, וואָרים?

**לוציפער:**

די צווייטע זייט פון דיר, וואָס ער דאַרף ווערן,

אז ער זאָל קענען דיך באַשטעטיקן.

**יעהאָווע:**

ער איז געוואָרן. אַט הער:

(עס דערטראָגט זיך אַ געזאַנג פון ווייטן)

לויב דיר, לויב, באַשעפער,

דו זון, דו ליכט, דו גאָט;

ס'איז ניט פאַר אונז צו טרעפן

דעם וואונדער פון דיין סוד.

**לוציפער:**

ס'מאַכט גלויבן בלינד דעם לויבער און געלויבטן,

אַ פונק פון צווייפל, און דער געדאַנק ווערט קלאָר;

ער איז דערווייל נאָך דורכזיכטיקער חלום,

ער דאַרף נאָך ווערן לויטערע און הארבע וואָר.

נאָר גיב אים צייט ווי דו האָסט זיך גענומען,

זעקס טויזנט גאַנצע קיילעכדיקע יאָר,

און זאָל ער דיך אין זיין געשטאַלט געשטאַלטן,

און דו וועסט ווערן וואָס דו דאַרפסט זיין — וואָר.

**יעהאָווע:**

ווילסט ער זאָל זיך דערטראַכטן צו דעם סוד,

און נאָכדעם זיך באַרימען ער איז גאָט?

**לוציפער:**

זיך ניט באַרימען, נאָר ליב דיך קריגן,

ווי ליב ער האָט די נאַקטקייט פון ווייב.

**יעהאָווע:**

ער האָט מיך ליב און שיקט מיר יעדן טאָג אַ לויב.

**לוציפער:**

ער טוט עס ניט אויס ליבע, נאָר אויס מורא,

ווייל דו האָלטסט איבער אים אַ בייטש — דעם טויט.

נאָר קוים געפינט ער אויס פון טויט דעם סוד,

וועט ער דיר מער קיין לויבגעזאַנג ניט שיקן.

**יעהאָווע:**

דער וועג צום טויט איז פיין; ער וועט ניט וואגן.

**לוציפער:**

ס׳איז פיין אָבער אָפּט ליכטיק ווי די זון,
און איז דערפרישנדיק ווי קוואַליק וואַסער.
דו לאָז אים נאָר פאַרזוכן פון דעם בוים,
און ער וועט גיין, ביז ער וועט דיך אַנטפּלעקן.

**יעהאָווע:**

ער וועט אַנטפּלעקן... און נאָכדעם וואָס?

**לוציפער:**

נאָכדעם דער חלום אונזערער פאַרווירקלעכט:
דאָס וואונדערלעכע קעניגרייך פון ליבע.

**יעהאָווע:**

דאָס וואונדערלעכע קעניגרייך פון ליבע,
דורך פּיין און דורך יסורים און דורך בלוט...

**לוציפער:**

געזעץ! דאָס איז געזעץ פון דער יצירה!
דיין ווערק מוז גיין דעם זעלבן וועג וואָס דו:
באַשאַפן און צעשטערן און פון דאָס ניי באַשאַפן...

**יעהאָווע:**

איך וויל ניט מער! ניט שאַפן! ניט צעשטערן!

**לוציפער:**

ווילסט יאָ צי ניט, דו האָסט ניט מער קיין שליטה,
דו האָסט פאַרטראַכט, און איך מוז אויספירן.
מיר זיינען דריי, און דריי מוז ווערן איינס,
איידער אונזער חלום ווערט פאַרווירקלעכט...
(עס דערנענטערן זיך קלאַנגען פון געזאַנג) ...
לויב דיר, לויב, באַשעפער...
(אָדם און חוה באַווייזן זיך פון דער ווייטן)

**יעהאָווע:**

זיי קומען, זיי טאָרן מיך ניט זען.
(איילט צו דער טיר)
(צו לוציפערן)

איך זאָג דיר אָן צום לעצטן מאָל:
לאָז זיי צורו!... (פאַרשווינדט)

**לוציפער:**

איך לאָז קיין זאַך ניט איבער אין דערמיטן.
פאַרטראַכט מוז ווערן אויסגעפירט!...
(בלייבט שטיין אין אַ ווינקל אין אַן אַרויסרופנדיקער פּאָזע)

**חוה:**

(קומט אַריין שטיפעריש. זינגט).
אויף די בוימער צייטיקן פרוכטן,
גאָטס וואונדער אויף מיין לייב;
אָדם איז מיין געליבטער,
און איך בין זיין ליכטיקע ווייב,
אָדם איז מיין געליבטער,
גאָטס וואונדער אויף מיין לייב...

**לוציפער:**

אַ בילד, אַ וואונדערלעכס פאַר אַזאַ ליכטיקן פרימאָרגן.

**חוה:**

(דערשרעקט זיך, קוקט זיך אַרום. דערזעט לוציפערן)
ווער ביזטו? גיי אוועק פון דאַנען!

**לוציפער:**

וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? איך בין אַ מענטש ווי דו;
כ'בין מאַן, ווי אָדם, דיין געליבטער.

**חוה:**

דו ביזט אַ בייזער גייסט! דו ווילסט אונז אומברענגען!
כ'האָב מורא פאַר דיר! גיי אוועק פון דאַנען!

**לוציפער:**

מורא! מורא! נאָר מורא האָט ער איינגעפלאַנצט אין אייך.
איך האָב דיך ערשט געהערט פון ליבע זינגען,
דיביידע זאַכן גייען ניט צוזאַמען.
וואו מורא איז, דאַרט קען ניט זיין קיין ליבע,
וואו ליבע, האָט די מורא ניט קיין האַפט.

קום, חוה, וואונדערלעכסטע פון יצירה,
קום, חוה, איך וועל דיך לערנען ליב צו האָבן...

**חוה:**

רעד ווייטער, רעד, דיין קול קלינגט ווייך און גוט,
ווי אָדמס, אין רגעם פון געבענטשטער ליבשאַפט,
איך פיל, עס הויבט די מורא אָן פארשווינדן...

**לוציפער:**

(גייט האַסטיק צו צו חוהן, נעמט זי אַריין אין זיינע אָרימס)
קוק מיך גוט אָן, חוה. קוק טיף אַריין אין מיינע אויגן.
וואָס זעסטו דאָרט?

**חוה:**

(קוקט שאַרף אָן לוציפערן)
איך זע אַזוי פיל ליכט.
איך פיל עס אַריינדרינגען אין מיינע גלידער;
כ'האָב אַזאַ ליכטיקייט נאָך קיינמאָל ניט געזען.
כ'האָב קיינמאָל ניט געפילט אַזוי אין זיינע אָרימס.
וואו האָסטו אָט די ליכטיקייט גענומען?

**לוציפער:**

(ווייזט מיט דער האַנט אין פענצטער)
דו זעסט, אָט יענעם בוים? דו זעסט די פרוכטן זיינע?
באַמערקסט ווי רייצנדיקער זיי זיינען פון די אַנדערע?
איך האָב פון יענעם בוים די פרוכט געגעסן,
און אָט דערפאַר די ליכטיקייט אין מיינע אויגן.

**חוה:**

(דערשרעקט זיך. רייסט זיך אַרויס פון לוציפערס אָרימס)
און דו ביזט ניט געשטאָרבן?!

**לוציפער:**

די פרוכט האָט מיר געהאָלפן בייקומען דעם טויט.

**חוה:**

זאָגסט ליגן! אַוועק פון דאַנען!

**לוציפער:**

(גייט צו צום פענצטער, שטרעקט אויס די האַנט און רייסט אָפּ עט־

לעכע פרוכטן. בייסט איין איינע און שלינגט עס אַרונטער)
איצט גלויבסטו? נאַ, עס!

**חוה:**

(גייט צו צו לוציפערן, קוקט אים שאַרף אָן. קוקט אויף דער פרוכט,
טוט אַ כאַפּ די פרוכט פון זיין האַנט, בייסט עס איין)
וואָס פאַר אַ וואונדערלעכן טעם עס האָט!
וואָס פאַר אַ קראַפט כ'הויב אָן צו פילן אין די גלידער!...
(עס הויבט זיך איר אָן צו דרייען דער קאָפּ. זי מאַכט אַ באַוועגונג
צו פאַלן. לוציפער כאַפּט זי אין זיינע אָרימס. זי ליגט אַזוי אַ ווילע
באַוואוסטלאָז. כאַפּט זיך אויף. רייבט זיך די אויגן)
געליבטער, וואו ביזטו?

**לוציפער:**

דאָ, נעבן דיר. איך האַלט דאָך דיך אין מיינע אָרימס.

**חוה:**

(קוקט אים ליבלעך אָן)
דריק מיך שטאַרקער אין דיינע אָרימס, שטאַרקער!...
איך פיל עס נעמט אַרום מיך אַזאַ בענקשאַפט...

**אָדם:**

(קומט אַריין מיט אַ זאַק פרוכטן. בלייבט שטיין ביי דער טיר גע־
פּלעפט)
גאָט, וואָס טוט זיך דאָ!
חוה, וואָס טוט דער בייזער גייסט אין אונזער הויז?

**חוה:**

(לויפט צו צו אָדמען, וואַרפט זיך אים אויפן האַלדז)
ליבער אָדם, ניט האָב קיין מורא,
ס'איז ניט קיין גייסט. אַ מענטש איז ער ווי דו, ווי איך.

**אָדם:**

(קוקט אָן חוהן)
כ'דערקען דיך ניט. ביזט חוה און ניט חוה.
וואו האָסטו דאָס קאַלטע ליכט גענומען אין די אויגן?
(קוקט אויף לוציפערן)

איך זע דאָס זעלבע קאַלטע ליכט אין זיינע אויגן ! ...
חוה, וואָס איז געשען מיט דיר ? דערציייל !

**חוה :**

ס'איז וואונדערלעך, אָדם. ער איז אַ וואונדערלעכער מענטש.
ער האָט מיך אויסגעלערנט ניט צו מורא האָבן ...

**אָדם :**

ניט צו מורא האָבן ? אפילו ניט פאַר גאָט ?

**חוה :**

אפילו ניט פאַר גאָט, אָדם.

**אָדם :**

וואָס רעדסטו, חוה ? וועסט שטאַרבן ! ...

**חוה :**

(לאַכט)

**אָדם :**

וואָס לאַכסטו ?

**חוה :**

(נעמט אַ פרוכט און גיט עס אָדמען)
נאַ, עס ! וועסטו אויך לאַכן און ניט מורא האָבן.

**אָדם :**

(ווערט בלאַס)
חוה, דו האָסט געגעסן פון דער פאַרבאָטענער פרוכט ?

**חוה :**

יאָ, אָדם, און איך פיל איצט אַזאַ קראַפט אין מיינע גלידער,
איך פיל, איך קען זיך שטעלן קעגן טויט.

**לוציפער :**

(גייט צו צו אָדמען, שטרעקט אים אויס די האַנט)
לאָמיר זיין פריינט.

**אָדם :**

אוועק פון מיר ! ריר מיך ניט אָן !

**חוה :**

נאַ, עס !

אָדם:

איך וועל ניט עסן די פאַרבאָטענע פּרוכט!

חוה:

(פאַרוואַרפט קאָקעטיש די האָר)

וואו ביזטו, אָדם? די גלידער מיינע הונגערן.

קום, נעם מיך, זעטיק מיך מיט ליבע.

(לויפט צו לוציפערן, פאַלט אַריין אין זיינע אָרימס)

אָדם:

(לויפט צו חוהן מיט אויסגעשטרעקטע אָרימס. בלייבט שטיין. טוט אַ קוק אויף חוהן, אויף לוציפערן, טוט אַ כאַפּ די פּרוכט פון חוהס האַנט, נעמט עס צום מויל)

קול:

וואָס טוסטו, אָדם?

אָדם:

(כאַפּט אַוועק די פּרוכט פון מויל)

גאָט, פאַרלאָז מיך ניט, כ'האָב מורא!...

קול:

בייסט איין די פּרוכט און אומגליק קומט אויף דיר,

עס רייסט זיך טויט פון קייט, כ'קען אים צוריק ניט האַלטן,

עס שטייט מאָרד און האַלט געגרייט אַ שאַרפע שווערד.

כ'האָב דיר געגעבן בלוט, מיין הייליקסטע יצירה,

און דו וועסט עס פאַרגיסן פּונקט ווי וואַסער;

כ'האָב דיר געגעבן זון און ליכט און ברויט,

און דו וועסט עס מיט גאָלד און בלוט באַפלעקן,

זעקס טויזנט לאַנגע יאָר פון מאָרד און טויט...

חוה:

שטאַרקער, דריק מיך שטאַרקער,

די ליפּן דיינע זיינען היים ווי פייער,

ביים טיפער זיך אַריין צו מיר אין לייב,

טיפער... געליבטער מיינער...

**אָדם:**

(טוט א קוק אויף דער פרוכט. בייסט זיך איין אין דעם מיט די ציין.
עס פאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ. ער פאַלט אַנידער)
(חוה לויפט צו צו אים. נעמט אים אין אירע אָרימס. לוציפער פאַר־
שווינדט. ער ליגט אזוי אַ ווײַלע און עפנט די אויגן)
דאָס ביזסטו, חוה?

**חוה:**

יאָ, מיין ליבער.

**אָדם:**

קוקסט אויס אַנדערש. שענער. ליבלעכער.

**חוה:**

דו אויך, אָדם, דו קוקסט אויך אויס אַנדערש.

**אָדם:**

איך פיל אזא געזאַנג גייט אויף בא מיר אין קאָפּ.
אזוי פיל זאכן נייע טראָגן זיך אין מוח...

**חוה:**

איך פיל ווי פליגל וואָלטן אַנגעוואַקסן אויף די אַקסלען...

**אָדם:**

(הויבט זיך אויף. זיין פנים איז פאַרענדערט)
איך פיל אזא גבורה אין מיין קערפּער, חוה...

**חוה:**

און איך אזא טיפע ביינקשאַפט אין די גלידער...
איך פיל, עס ווערט געבוירן לעבן...

**אָדם:**

(פאַלט אויף די קני)
אַ וואונדערלעכע מיינע, געליבטע, מוטער, פרוי!...

( פ אָ ר ה אַ נ ג )

# פרעהס חלום

געשטאַלטן:

פרעה
אלפאראניט, פרעהס ווייב
ביאַלים, הויפט פריסטער
קול פון שקלאַף
קול פון אויפזעער
ערשטער מיניסטער
צווייטער מיניסטער
דריטער מיניסטער
טענצערנס
מוזיקאַנטן
אָפּגאָט
אינגל
כהנים

(אַ טראָן־צימער. באַ איין וואַנט שטייט אַ גאָלדענער טראָן. אויף איין זייט טראָן שטייט אַ גאָלדענער אָפּגאָט. אויף דער צווייטער זייט אַ בעט. פרעה שלאָפט אַן אומרואיקן שלאָף. אָטעמט שווער. פון שלאָף הערט מען אָפּגעריסענע ווערטער: מיין מאַכט... גיב מיר אָפּ מיין מאַכט... איך בין קעניג פרעה...)

**פרעה:**
(כאַפּט זיך אויף מיט אַ געשריי)
מיין שווערד וואו איז? ! דערלאַנגט אהער מיין שווערד! ...

**אלפאראניט:**
(לויפט אַריין אַ דערשראָקענע)
וואָס איז, מיין קעניג?
וואָס איז מיט דיר געשען?

**פרעה:**

אַט שטייט ער דאָרטן. ער האָט מיך שיר דערשטיקט.
האָט אָנגעכאַפּט מיט זײַנע קלײנע הענט מײַן גאָרגל,
און שיר דערשטיקט... אַ גבורה אַזאַ קלײנער אינגל האָט!

**אלפאראניט:**

וואָס רעדסטו, קעניג?! כ'פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט!
ס'איז קײנער דאָ ניטאָ חוץ דיר און מיר,
און אונזער גאָט, וואָס היט אונז און באַשיצט אונז.

**פרעה:**

(רייבט זיך די אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס באַזייטיקן)
דאָס ביזטו, אלפאראניט? יאָ דו, מײַן ליבע, גוטע ווייב.

**אלפאראניט:**

יאָ, מײַן האַר און קעניג, דײַן ווייב און דײַן געליבטע.
נאָר לעצטנס איז דײַן גוטע ווייב באַזאָרגט.
געשען איז עפּעס מיט דעם קעניג פּרעה.
ער שלאָפט ביינאַכט אַן אומרואיקן שלאָף;
אָפט הער איך ווי ער רעדט מיט צוגעמאַכטע אויגן,
אָפט הער איך ווי ער וויינט אַ הילפלאָזן געוויין...
זאָג, ליבער, וואָס באַאומרואיקט דײַן מוח?

**פרעה:**

(פּלוצלונג)
אלפאראניט!

**אלפאראניט:**

(דערשראָקן)
יאָ, מײַן האַר און קעניג...

**פרעה:**

ווער בין איך?

**אלפאראניט:**

דער קעניג פּרעה, דער האַר און דער געביטער,
וואָס הערשט און וואָס באַפעלט איבער דער וועלט,
צו וועמעס פיס עס בוקן זיך מלכים,
נאָך וועמען עס באַגערט דאָס שענסטע ווייב...

**פרעה:**

אז פרעה באַפּעלט, דאַרף מען אים פאָלגן, צי ניין?

**אלפאַראַניט:**

ניטאָ אַ מענטש וואָס וואָלט זיך קעגנשטעלן פרעהן;
פרעהס וואָרט איז הייליק איבער גאָר דער וועלט.

**פרעה:**

אַז פרעה באַפעלט עס זאָל זיך אים ניט חלומען,
פאַרוואָס חלומט זיך אים?

**אלפאַראַניט:**

ס׳האָט פרעה לעצטנס פיל געזינדיקט קעגן אים,
(ווייזט אויפן אָפּגאָט)
ער האָט ליב פרייד און טענץ און טאַמבורינען,
און יונגע פרויען־לייב, און קינדער יונגע;
און דו, מיין האַר, גייסט אום די לעצטע טעג
ווי אין אַ הינערפלעט, פאַרחלומט, ווייס דער גוטער יאָר;
נו, איז ער בייז געוואָרן, און שטראָפט דיך פאַר דיין זינד.

**פרעה:**

ער שטראָפט מיך? פרעהן? דעם באַשעפער זיינעם?
די גרעסטע גאָלד־שמידן האָב איך געבראַכט
פון גאָר דער וועלט, געלאָזט אים אויסגיסן
פון העלסטן גאָלד, אים מאַכט געגעבן,
זיין מאַכט צעקלונגען איבער גאָר דער וועלט,
און ער וועט שטראָפן מיך? פרעהן?...
איך וועל אים ווייזן!...
(כאַפּט אַ האַמער, לאָזט זיך צום אָפּגאָט).

**אלפאַראַניט:**

(כאַפּט אָן פרעהס האַנט)
וואָס טוסטו, קעניג? ווילסט אומברייננגען
זיך, און מיך, אונז אַלעמען! באַדיינק זיך!
(עס קומט פאַר אַ געראַנגל. פרעה לאָזט אָפּ דעם האַמער, פאַלט אָנ־
מאַכטיק אויף די קני, באַהאַלט דאָס פּנים אין אלפאַראַניטס שויס,
צעוויינט זיך הילפלאָז. שטייט פּלוצלונג אויף, לויפט צו צום אָפּגאָט.
בוקט זיך)

**פּרעה:**

פֿאַרגיב מיר, מאַכטיקער, פֿאַרגיב מיר און פֿאַרגעס.
געזינדיקט קעגן דיר האָט שווער דער קעניג פּרעה;
ער האָט דערלויבט אַ צווייפֿל אַרומגעמען זיין האַרץ,
ער האָט דערלויבט געדאַנקען קריכן אין זיין מוח.
דו האָסט די וועלט געבראַכט צו זיינע פֿיס,
און פֿאַר דעם הערשער אירן אים געקרוינט;
נאָר זאָג מיר, וואָס איז קעניג? מענטש צי ניין?
און אַז מען טוט אים אָן אַ קרוין, איז וואָס?
און אַז מען ברענגט אים צו די פֿיס די וועלט, איז וואָס?
אַז עס נעמט אַ צווייפֿל נאָגן אין זיין האַרצן!
אַז עס נעמען האַמערן געדאַנקען אין זיין קאָפּ!
אַז עס טוט אַן עפֿן זיך אַן אָפּגרונט פֿאַר די אויגן,
און אָט דו פֿאַלסט, און אָט דו ביזט ניטאָ...
דו האָסט באַוויזן וואונדער מיט דעם קעניג פּרעה,
ווייז נאָך אַמאָל: שטעל אָפּ אין אים דעם צווייפֿל!
צעעפֿן ברייט פֿאַר אים דעם טויט-און-לעבן טויער,
דערקלער פֿאַר אים דעם סוד: וואָס איז דער קעניג פּרעה?...
(דורך דער צייט וואָס פּרעה בוקט זיך צום אָפּגאָט גייט אלפֿאַראַניט
אַרויס און עס קומט אַריין דער עלטסטער פֿון די פּריסטער, ביאַלים).

**ביאַלים:**

(כאַפּט אויף פּרעהס לעצטע ווערטער און ענטפֿערט)
דער הערשער איבער אַלץ און אַלעמען,
אין וועמעס גנאָד עס שיינט די זון און ווינטן בלאָזן...

**פּרעה:**

(מיינט אַז דאָס ענטפֿערט דער אָפּגאָט. שטעלט זיך אויף מונטער)
דו ענטפֿערסט! דו האָסט דערהערט די תּפֿילות פֿון דיין קנעכט!..
געבענטשט זיי און געלויבט, דו מעכטיקסטער פֿון געטער!

**ביאַלים:**

מיין האַר טוט תּפֿילה. ס'איז תּפֿילה גוט צום האַרץ,
און טרייבט אַוועק פֿון מוח יעדן צווייפֿל.

**פּרעה:**

(דערהערט ביאַלימס שטים. קערט זיך צו אים)

האָסט געהערט, ביאַלים? ער האָט געענטפערט!...

**ביאַלים:**

וואָס וואונדערט זיך, מיין האַר? וואו איז דער אויער
וואָס קען צו פּרעהס תפילות בלייבן שטום?
ער האָט אַליין דאָך פּרעהן מאַכט געגעבן,
און אים דערהויבן ביז צו העכסטער הויך.

**פּרעה:**

און וואָס קען פּרעה אויפטאָן מיט זיין מאַכט?
צי קען ער מאַכן וואַקסן גראָז אין מדבר?
צי קען ער אָפּשטעלן אַ ווינט וואָס בלאָזט?
צי קען ער נאַכט אין העלן טאָג פאַרוואַנדלען?
אָ, ביאַלים, זאָג, אין וואָס ליגט פּרעהס מאַכט?

**ביאַלים:**

מיין האַר, מיין האַר, מען טאָר אַזוי ניט רעדן!
האָסט ערשט מיט גאָט גערעדט, און אָט, דו זינדיקסט ווידער.
ס'איז פּרעהס מאַכט אַן אַנדערס און אַ גרעסערס:
זיין מאַכט איז איבער גאָלד און שטיין און שטאָל,
און איבער מענטש, וואָס דאַרף זיי שמעלצן, שמידן
און פאָרעמען פון זיי די גרויסקייט פּרעהס
פאַר איצט און פאַר די קומענדיקע טעג...

**פּרעה:**

אָ ביאַלים, דו רעדסט דעם חלום מיינעם;
נאָר אַנדערש איז געווען פון אים דער סוף...

**ביאַלים:**

פון וואָס פאַר אַ חלום רעדט מיין האַר און קעניג?

**פּרעה:**

. . . צוויי וואָגשאָלן, צוויי קייַלעכדיקע טאַצן;
אויף איינער פון די שאָלן — ליכטיק גאָלד,
עס נעמען זיך פון גאָלד באַווייזן טורימס,

פון טורימס נעמען אויפגיין גרויסע שטעט,
עס ווערן שטעט אין לענדער מעכטיקע פארוואנדלט,
און אלע בוקן זיך צום קעניג פרעה,
און אלע זינגען זיי צו אים א לויב;
די צווייטע שאל האט מער ניט — פשוט שטרוי,
פון שטרוי גייט אויף א קליין און ליכטיק אינגל,
דאס פנים זיינס שפרייט וואַרימקייט, ווי זון.
די שאל וואו ס׳אינגל שטייט נעמט איבערוועגן,
און אט, איך זע ווי ס׳נעמען שטעט און לענדער
צו אים זיך ציען און זינגען: אינגל, אינגל,
קום, קיניג איבער אונז, דו לאנג דערוואַרטער...
איך צי פון שייד אַרויס מיין שאַרפע שווערד
און נעם דעם אינגלס קאפ און קערפער האקן;
נאר עס שפרינגט די שווערד צוריק פונקט ווי פון שטיין,
און ס׳אינגל שטייט און שמייכלט מיר אין פנים...

**ביאַלים:**

אַ, פרעה, פרעה, ליבלינג פון די געטער!
א סעודה מאך פאר אלע דיינע לייט.
די בעסטע וויינען פונם לאנד הייס ברייננגען,
הייס אויפזאמלען די שענסטע טענצערנס פון קרוינשטאט,
און פרייד זאל הערשן גאנצע זעקס מעת־לעת.

**פרעה:**

(צוערשט פאַרוואונדערט. פאלט נאכדעם אריין אין גרימצאָרן)
פרייד זאל הערשן!...
אויף פרעהס אונטערגאנג זאל הערשן פרייד!...
פאררעטער! שלאנג, וואס וויקלט זיך אין זיסע רייד!...
מיין שווערד איז שארף! איך שטעך דיר דורך דאס הארץ!...
(ציט די שווערד פון שייד)

**ביאַלים:**

(פאלט פאר פרעהין אויף דער ערד. פרעה שטעלט צו די שווערד צו ביאַלימס ברוסט)

רחמים קעניג, דיין קנעכט איז דיר געטריי,
ווי נאָענט און געטריי צום לייב דאָס העמד;
נאָר לאָז דיין קנעכט דערקלערן וואָס ער מיינט...

**פּרעה:**

דערקלער! נאָר טאָמער זאָגסטו ליגן,
אזוי שנײַדט דורך די שווערד מיינע דיין האַרץ!

**ביאַלים:**

אָ, קעניג, דיך האָבן אויסגעוויילט די געטער,
און דיר דעם גרויסן סוד פון מענטש אַנטפּלעקט;
דער חלום דיינער אַ חלום איז פון וואָר,
וואָס אמת איז ווי אויף דיין קאָפּ די האָר,
ווי דער קאָליר וואָס האָט געפאַרבט דאָס בלוט,
און ליכטיק ווי די ליכטיקייט פון מוט.
דער קעניג דו, און דו ביזט אויך דאָס אינגל,
דער קעניג בויט, דאָס אינגל לעבט, געניסט;
ס'איז טויט און לעבן קײלעכדיק — אַ רינגל,
אָ, פּרעה, זאָג, צי ווייסטו ווער דו ביזט?
אָ, זאָג צי ווייסטו וואָס דו דאַרפסט נאָך ווערן?
דער חלום קומט אַהערצו פון די שטערן,
און פון דער טיפעניש אַרויס פון ערד,
ער זינגט אין טראָפּן בלוט אויף שפּיץ פון שווערד...
באַשערט איז פּרעה'ן שטענדיק נאָר צו שטייגן,
מוזט ווערן אַלט, צו ווערן יונג צוריק;
ניי, פּרעה, פרעג די בלעטער אויף די צווייגן,
ניי, פּרעה, פרעג דאָס גראָז אַרום דער בריק.
אָ, פּרעה, ס'האָט דער חלום העלסטע פאַרבן,
און לערנט, אַז דער טויט איז ניט קיין שטאַרבן,
נאָר אייביק־יונגער, זוניקער געבורט...

**פּרעה:**

(האַלטנדיק נאָך אַלץ די שווערד אויף ביאַלימס ברוסט)
(מעדיטאַטיוו, ווי ער וואָלט געהערט מאָדנע קלאַנגען פון דער ווייט)

כ׳פאַרשטיי ניט אַלץ וואָס דו האָסט דאָ געזאָגט,
נאָר אין דיין קול אַן אויפריכטיקייט הער איך,
און אמת לויכט אַרויס פון דיינע רייד.
איך פיל אין זיך אַ נייעם כוח אויפגיין,
ווי אין דעם קערפּער שטיינערנעם פון ספינקס...
(נעמט אַוועק די שווערד פון ביאַלימס ברוסט, לייגט זי אַריין אין שייד)
שטיי אויף, ביאַלים, שטיי אויף און זיי מיר מוחל.

**ביאַלים:**

(הויבט זיך אויף פון דער ערד)
ניט בעט פאַרגעבונג, פּרעה, בא דיין קנעכט;
דאָס וואָס דער קעניג טוט איז וואויל און רעכט.
(עס דערטראָגט זיך אַ טומל פון דרויסן. געקלאַפּ פון האַמערס אויף שטיינער. אַ וואָיען, ווי פון אַ פאַרוואונדעטער חיה דערטראָגט זיך)

**קול פון שקלאַף:**

רחמנות, מייסטער, מיין לייב וועט עס ניט אויסהאַלטן...

**קול פון אויפזעער:**

דו רעדסט פון לייב, דו הונט!
שקלאַפן האָבן ניט קיין לייבער!
נו, ריר זיך! צייט שטייט ניט אויף אַן אָרט...
(דאָס וואָיען ווערט שאַרפער, און האַקט זיך פּלוצלונג אָפּ)

**פּרעה:**

וואָס איז דאָס, ביאַלים? איך האָב דערפילט אַ שניט
ווי פון אַ שאַרפן מעסער אויף מיין האַרץ...

**ביאַלים:**

דער חלום דיינער, פּרעה, ווערט פאַרווירקלעכט:
„— עס נעמען זיך פון גאָלד באַווייזן טורימס,
פון טורימס נעמען אויפגיין גרויסע שטעט,
עס ווערן שטעט אין לענדער מעכטיקע פאַרוואַנדלט...“
(גייט צו און עפנט אַ ברייטע טיר. דורך דער טיר קען מען זען ווי אַרבעטער שטייען און בויען אַ ריזיקן טורים. אַן אַרבעטער, וועמען דער אויפזעער האָט פאַרשמיסן, ליגט אויף דער ערד און אָטעמט

שווער. צוויי געהילפן קומען מיט אַ טראַג־בעטל, לייגן אים אַרויף און טראָגן אַוועק. דורך דער אָפּענער טיר הויבן אָן אַנקומען פרעהס מיניסטאָרן, גייען צו איינציקווייז צו פּרעהן, בוקן זיך און בלייבן שטיין אָן אַ זייט).

**פּרעה:**

גענריסט זייט, ראַטגעבער, מלוכה־מענער מיינע,
וואָס האָט איר גוטס דעם קעניג פּרעה צו דערציילן?

**ערשטער מיניסטער:**

די לעצטע נייס פון אונזערע חיילות,
פון מזרח, מערב, צפון און פון דרום;
מיר קענען נאָר פאַרצייכענען איין זיג נאָכן צווייטן,
באַלד וועט אין ווייטסטן ווינקל פלאַטערן פרעהס פאָן...

**צווייטער מיניסטער:**

עס פליסט גאָלד אריין אהער פון אַלע לענדער,
ווי וואַסער פון די טייכן פליסט אין ים;
מיר האָבן ערשט אַ שטאָט פאַרענדיקט בויען,
און הויבן אָן צו בויען נאָך אַ שטאָט...
אַ וואונדער פאַר דעם דור און פאַר דער גרויסקייט פרעהס...

**דריטער מיניסטער:**

די שפּייכלערם זיינען פול מיט קאָרן און מיט ווייץ,
ס'געררעטעניש דאָס יאָר איז גאָרניט צו באַשרייבן,
עס וואַקסט דאָס לאַנד, און פּרעה ווערט דאָס וואונדער פון די דורות.

**ביאַלים:**

אָ, פּרעה, דיין חלום ווערט פאַרווירקלעכט,
און גאָט פאַרדינט אַ לויב ווי ס'פּאַסט פאַר אים;
היים די געטראַנקען ברייננען, קעניג פּרעה,
גיב אַ באַפעל די טענצערנס צו קומען.

(פּרעה טוט אַ קלאַפּ אין אַ טאַץ. עס באַווייזן זיך שקלאַפן מיט פלע־שער. אַ מחנה טענצערס מיט טאַמבורינען אין די הענט טאַנצן אַריין. פון די נאָזלעכער באַ דעם אָפּגאָט נעמט גיין אַ רויך. ביאַלים

שטייט פאַרן אָפּגאָט און טוט תפילה. די מיניסטאָרן שיכורע ליגן אין באַזונדערע ווינקלען מיט טענצערינס און האַלדזן זיך)

**פון איין ווינקל:**

דער ריח פון דיין ליב פון ווין איז שטאַרקער...

**פון אַ צווייטן ווינקל:**

די ליפּן דיינע ברענען ווי דער גאָט...

**פון אַ דריטן ווינקל:**

דיין ליב איז הייסער ווי די זון אים זומער.

**קול פון שקלאַף:**

רחמנות, מייסטער, מיין ליב וועט עס ניט אויסהאַלטן...

**פּרעה:**

(טרינקט גלאָז נאָך גלאָז)

וואָס איז דאָס, ווין צי וואַסער?

כ׳טרינק גלאָז נאָך גלאָז און קען ניט שיכור ווערן...

**ביאַלים:**

מיין האַר, מיין האַר, גאָטס ווילן איז אַזוי,

דער שכל פּרעהס מוז אייביק בלייבן קלאָר...

**פּרעה:**

גאָטס ווילן!... פאַרנעם זיך מיט דיין גאָט!...

אויף פּרעהס האַרצן טאַנצן שאַרפע מעסערס,

דאָס בלוט שטעכט אין די אָדערן ווי נאָדלען,

אויף פּרעהס קאָפּ די האָר ווי דערנער שטעכן,

אַ פייער ברענט אוים וואונדן אויף זיין ליב...

גיט אָפּ צוריק די קעניגן די קרוינען!

די שפּייכלערס גאָלד און תבואה נעמט צעטיילט!

נאָר לאָזט מיך אויף אַ ווײַלע שיכור ווערן!...

**ביאַלים:**

מיין האַר און קעניג זינדיקט קעגן גאָט!

**פּרעה:**

נו, פרעג דיין גאָט, וואָס וויל ער? כ׳וועל עס געבן,

נאָר זאָל ער מאַכן איך זאָל ווערן שיכור...

**ביאַלים:**

ער אויך וויל שיכור ווערן אויף א ווײַלע...
נאָר זיין געטראַנק איז בלוט פון יונגע קינדער...

**פּרעה:**

ער זאָל עס קריגן!... היים, ביאַלים, קינדער ברײַנגען!...

**ביאַלים:**

(בלאָזט אין אַ טרומייט. באַם אָפּגאָט צעעפנט זיך ברייט דאָס מויל. עס באַווייזן זיך, ווי אין אַ פּראָצעסיע, פּריסטער מיט קינדער אויף די הענט. איינער נאָכן אַנדערן גייען זיי צו צום אָפּגאָט, וואַרפן אַריין אַ קינד, זאָגן אָפּ אַ תפילה און גייען אַרויס).

**פּרעה:**

אָ, וואונדער!... אָ, ביאַלים, נביא גרויסער!...
איך פיל אַ וואַרימקייט גייט אויף אין מיינע גלידער,
איך הער געזאַנג נעמט אויפגיין אין מיין בלוט,
די שאַרפע מעסערס הערן אויף צו טאַנצן,
דער מוח מיינער, פיל איך, ווערט באַרוט,
דער צווייפל מיינער ביאַלים, זע, פאַרשווינדט,
ווי בלויער רויך באַם אָנקומען פון ווינט.
אָ, ביאַלים, זע, איך ווער צוריק א אינגל,
און ס'ווערט מיר אַזוי וואונדערלעך און גוט...
אָ, אינגל, אינגל, קום און נעם דיין רום — — — —
(פון אָפּגאָטס צעעפנטן מויל באַווייזט זיך אַ ליכטיק אינגל, בלייבט שטיין אין אָפּגאָטס מויל)
אָ, אינגל, אינגל, קום דו לאַנג דערוואַרטער,
אָ, אינגל, אינגל, אינגל, אינגל, קום...
(דורכן אָפענעם טויער באַווייזט זיך אַלפאַראַניט און גייט גלייך צו פּרעהן. פּרעה, שיכור, נעמט זיך וואַקלען און פאַלט אַריין אין אַלפאַראַניטס אָרימס).

**פּרעה:**

אַלפאַראַניט, דאָס ביזטו?
דאָס שפּרייט אַ ליכטיקייט אַזאַ דיין לייב?

**אלפאראניט:**

יאָ, ליבער, דיין געליבטע אַלפאַראַניט,
דיין קאָפּ לייג אויף מיין ברוסט. אַזוי, מיין אינגל.
איך האָב צוריק געפונען דיך, מיין ליבער,
איך וועל דיך וויגן, וויגן און פאַרוויגן,
עס קאָן מיין יונגע לייב דעם שענסטן ניגון;
פיל אָן די גלידער מיינע מיט געבערן,
דאָס בלוט מיינס זינגט פון ערד און פון די שטערן...
(זי נעמט פרעהן אונטער דער האַנט און פירט אים אַרויס)

**קול פון דרויסן:**

רחמנות, מייסטער, מיין לייב וועט עס ניט אויסהאַלטן...

**ביאַלים:**

דער חלום דיינער, פרעה, ווערט פאַרווירקלעכט...

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# געזאַנג פון בלוט

ג ע ש ט אַ ל ט ן :

| | |
|---|---|
| יהושוע | משה |
| נעפעג | צפורה, משהס ווייב |
| אליאָסף | אָפּיצער |
| אוזיאל | זעלנער |
| זיכרי | פּרעה |
| מאהאלי | קול |

יהושוע, נעפעג, אליאָסף, אוזיאל, זיכרי, מאהאלי — קאָנספּיראַטאָרן

(אַ גרויסער, טונקעלער צימער. פאַרנאַכט. עס ווערט טונקעלער און טונ־קעלער. משה אַליין אין צימער. ווי אַ געצאַמטער לייב שפּאַנט ער אַרום הין און צוריק, רעדט צו זיך אַליין. גייט אַלע ווײַלע צו צום פענצטער, טוט אַ קוק און שפּאַנט ווײַטער).

**משה:**

גאָט, יונג בין איך אין יאָרן, כמעט אַ אינגל נאָך,
און פירן דאַרף איך אַ פאָלק פון מענער, ווייבער, אַלטע לייט און
קינדער;
עס נעמט מיך אָפּט אַרום אַ שרעק אַזאַ מין בלינדער; —
און אַז כ'וועל פאַלן, גאָט, אונטער דעם יאָך,
וואָס וועט פון זיי, אָ, גאָט מיינער, דאַן ווערן? —
אַ צייכן גיב, צינד אָן אַ העלן שטערן,
לאָז ווישן וואו איך גיי און וואָס איך טו;

דערקלער מיר: ווער בין איך און ווער ביזטו?
איך טו דיך אָפּט אין בלוט מײַנעם דערפֿילן,
ווען קאָכן נעמט עס, און נאָכדעם נעמט עס שטילן;
נאָר וועל איך קאָנען זיי דאָס איבערגעבן,
און וועלן זיי מיך פֿאָלגן בלינדערהייט?
אַ גאָט פֿון טויט, אַ גאָט פֿון אייביק לעבן,
אַ צייכן ווײַז, און איך אויף אַלץ בין גרייט;
אַ צייכן ווײַז, און איך, דײַן קנעכט, וועל וויסן,
אַז ניט אומזיסט וועט בלוט פֿון לײַב זיך גיסן.

**צפּורה:**

(קומט אַרײַן)

וואָס זיצסטו אין דער פֿינצטער, משה?

(גייט צו און צינדט אָן פֿײַער)

**משה:**

אין דער פֿינצטער זעט דאָס אויג פֿון מוח קלאָרער,
און שאַרפֿער טרעט די ליכטיקייט אַרויס...

**צפּורה:**

דאָס זונעלע איז נאָר וואָס אײַנגעשלאָפֿן,
פֿון שלאָף האָט ער זיך אַזוי ליב צעשמייכלט,
און אויף די ליפּן זײַנע רוט דאָס וואָרט נאָך: טאַטע.

**משה:**

(צעשמייכלט זיך)

כ'פֿיל מאָדנע ווען איך הער דאָס וואָרט פֿון זײַנע ליפּן,
עס נעמט מיך דורך אַ מאָדנע ליכטיקייט אַזאַ;
אָפּט פֿיל איך: איך אַליין בין נאָך אַ אינגל,
און הילפֿלאָז ווילט זיך רופֿן: טאַטע, טאַטע!...
אָפּט פֿיל איך ווי דאָס וואָרט צינדט אָן מײַן בלוט,
און גיסט די אָדערן אָן מיט אַזאַ גבורה...

**צפּורה:**

זיי קומען הײַנט אַהער?

**משה:**

יאָ, צפּורה. הײַנט מוז באַשלאָסן ווערן ווען און ווי אַזוי;

דאָס לאַנד איז איצט פֿאַרנומען מיט מלחמה,
דאָס פֿאָלק איז אומרואיק. די אַרבעטער ווילן מעשים.

**צפּורה:**

כ'האָב מורא, משה.

**משה:**

מורא איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך, צפּורה,
און דויערט מער ניט ווי אַן אויגנבליק;
און אָט דער אויגנבליק, דאָס איז די בריק,
וואָס פֿירט צו אייביק לעבן — צו דעם בורא.
צפּורה, גלויבסט אין מיר?

**צפּורה:**

איך גלויב, משה.

**משה:**

איז גוט, צפּורה, גוט.
איך פֿיל געזאַנג אין יעדן טראָפּן בלוט
וואָס אין די אָדערן מײַנע רינט;
איך הער און פֿאַרנעם די אייביקייט אין ווינט,
אין גראָז, אין זון, אין וואָלקן און אין רעגן;
איך הער גאָטס טריט וואָס קומען מיר אַנטקעגן,
און טראָגן מיט זיך ליכטיקייט און זיג;
צפּורה, ס'מוז זײַן אויפֿשטאַנד, ס'מוז זײַן קריג!...
צפּורה, טאָמער פֿאַל איך, דעם אינגעלע זאָג אָן:
די זון, און ניט קיין אַנדערע, איז אונזער פֿאָן.

**צפּורה:**

זאָל גאָט דיך היטן און פֿירן אין געבענטשטן לאַנד.

**משה:**

(נעמט אַרום צפּורהן, טוט זי אַ קוש)
און איצט גיי שלאָפֿן און טו דאָס אינגעלע אַ קוש.
(צפּורה גייט אַרויס. משה שפּאַנט איבערן צימער הין און צוריק. גייט צו צום פֿענצטער, בלײַבט שטיין, קוקט אין דער בלויקייט פֿון נאַכט)

א שײנער הימל און שטערן אַזױ פֿיל;
מיט יעדן מענטש װאָס װערט געבױרן קומט צו אַ שטערן;
די שטערן שפּרײטן ליכט, דאָס ליכט געזאַנג,
אָ, גאָט, האָסט צוגעזאָגט: דער מענטש אַזױ דאַרף װערן!...

**יהושוע:**

(אַ יונגער בחור, לעבעדיק און פֿאַרשײט, קומט אַרײַן אומבאַמערקט פֿון משהן)

דער נביא שטײט און חלומט און ער טראַכט, —
װאָס זעסטו דאָרטן, זעהער אין דער נאַכט?

**משה:**

(טוט זיך אַ טרײסל פֿון דער פּלוצימדיקײט)

דײַן ליכט געמיט איז ניט צום איבערטראָגן!
יהושוע, ס'איז ניט קײן שפּיל אַזאַ אין אױפֿשטאַנד;
ס'איז פּײַן און בלוט און טױט און אפֿשר דורכפֿאַל...

**יהושוע:**

(מיט באַגײַסטערונג)

און אפֿשר פֿרײַהײט און ליכטיקײט און לעבן;
ס'איז לײַכטקײט פֿון געמיט װי זון אין טריבע טעג;
דער װאָס האָט פֿינצטערניש און צװײפֿל אונז געגעבן,
האָט אױך געגעבן זון צו װאַרימען דעם װעג.

**משה:**

װי איז דער מוט בײַ די אַרבעטער, יהושוע?

**יהושוע:**

די עלטסטע פֿון זײ האָט ס'גלױבן געמאַכט אינגער,
כ'זע ליכט אױף פּנימער, כ'הער אָפֿט אַ שטילן זינגען...
(עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומען אַרײַן די קאָנספּיראַטאָרן:
נעפֿעג, מאהאלי, אוזיאל, זיכרי, אליאָסף).

**משה:**

געגריסט זײַט ברידער, פֿאַרבינדעטע אין נױט,
באַשלאָסענע אױף לעבן און אױף טױט;
װאָס האָט איר צו דערצײלן, ברידער?
רעד דו, נעפֿעג.

**נעפעג:**

מ'האָט היינט אַן אַרבעטער אויף טויט פאַרשמיסן,
ס'ווערט רשעותדיקער, ווילדער יעדן טאָג;
די זיגן אויפן שלאַכטפעלד ווערן זעלטענער,
דאָס פאָלק הויבט אָן צו ווערן אומצופרידן,
און חוצפּהדיקער, שטרייטנגער ווערט די מאַכט;
איך זאָג, מען מוז באַשליסן היינט ביינאַכט,
אין מיין אָפּטיילונג ווי איינער איז מען גרייט,
צום אויפשטאַנד גלייך, אויף לעבן און אויף טויט.

**אליאָסף:**

ס'האָט נעפעג מיינע רייד פון מויל גענומען,
ס'ווערט אומדערטרעגלעכער מיט יעדן טאָג;
גענוג געוואַרט, זאָל קומען וואָס דאַרף קומען,
דאָס וואָרט אַנטשיידנדיקע, משה, זאָג.

**עוזיאל:**

כ'האָב צוגעזאָגט, כ'וועל זיי אַן ענטפער ברייגגען,
דער ענטפער מוז באַשלאָסן ווערן היינט!

**זיכרי:**

איין ענטפער איז פאַראַן, און דאָס איז: אויפשטאַנד!
און קומען מוז עס איידער ס'ווערט צו שפּעט.

**מאַהאַלי:**

נאָך היינט ביינאַכט זאָל עס באַשלאָסן ווערן!

**משה:**

ס'איז גוט אַזאַ באַגייסטערונג צו הערן,
אַזאַ באַגייסטערונג קען וועלטן איבערקערן;
נאָר ס'איז באַגייסטערונג אַליין נאָך ניט גענוג;
אין נאָמען פון וואָס זאָל מען דעם אויפשטאַנד מאַכן?
האָט עמיצער פון אייך געטראַכט פון דעם?

**יהושוע:**

אין נאָמען פון פרייהייט!

**די אַנדערע קאָנספּיראַטאָרן:**

אין נאָמען פון פרייהייט!

**משה:**

אין נאָמען פון פרייהייט אַליין איז ניט גענוג;
די פרייהייט וואַרצלען ניט צו טיף,
אומזיכער איז עס ווי אין דער האַנט פון קינד אַ קרוג,
ווי אויף צעבראָכענע כוואַליעס פונם ים אַ שיף;
באַם ערשטן הונגער־קראַמף בלייבט פרייהייט ליגן טויט,
און פאַרן קויפער גרייט פאַר וואַסער און פאַר ברויט.

**יהושוע:**

וואָס האָסטו אַנדערש פאַרצושלאָגן, משה?

**משה:**

דער אויפשטאַנד מוז געשען, ס'מוז הײַנט באַשלאָסן ווערן,
איך שווער באַם לעבן מײַנעם און בײַ דאָס ליכט פון שטערן:
נאָר פירן וועלן מיר דעם אויפשטאַנד אין אַן אַנדער נאָמען...
אין נאָמען וואָס טראָגט מיט זיך דעם זיג!

**קאָנספּיראַטאָרן** (צוזאַמען)**:**

אין וועמעס נאָמען, משה?

**משה:**

אין נאָמען פון גאָט!

**קאָנספּיראַטאָרן** (צוזאַמען)**:**

פון וועלכן גאָט?

**משה:**

פון גאָט, וואָס איז מענטש און לעבן,
פון גאָט, וואָס איז זון און ווינט;
פון גאָט, וואָס האָט געגעבן
זעאונג, און מאַכט בלינד.
פון גאָט, וואָס איז לויטער אמת,
און ליבע — זײַן געזיכט;
פון גאָט, וואָס זײַן פּאַרנעם איז
אייביקייט און ליכט.

**קאָנספּיראַטאָרן** (צוזאַמען)**:**

און אַז דאָס פאָלק וועט פרעגן
דעם נאָמען פון דעם גאָט?

משה:

איך בין, איך בין געווען, און איך וועל זיין!

יהושוע:

און אז דאס פאלק וועט פאדערן א צייכן?

משה:

די זון וואס יעדן טאג דעם הימל צינדט,
דאס בלוט פון שקלאף וואס אויף די שטיינער רינט,
דאס הונגעריקע וויינען פונם קינד, —
אט דאס דער צייכן.

(עס דערהערט זיך א קלאפן אין טיר. אלע בלייבן שטיל. קיינער ענטפערט ניט. דאס קלאפן ווערט שטארקער)

קול:

אין פרעהס נאמען, עפנט!

יהושוע:

פון וואנען האבן זיי זיך דערוואוסט?

נעפעג:

ווער האט ארויסגעגעבן?

אליאסף:

ווער איז דער פארעטער?

(אלע קוקן מיט אומצוטרוי און שרעק איינער אויפן אנדערן)

משה:

רואיק, און ניט פארלוירן זיך;
א י ך ב י ן פרובירט אונז אוים
ווי טיף עס וואָרצלט אונזער גלויבן,
איצט וועלן מיר אים קענען איבערצייגן,
אי אים, אי זיך אליין.

(גייט צו און עפנט די טיר. עטלעכע זעלנער, מיט בלויזע שווערדן קומען אריין)

עלטסטער:

ווער פון אייך איז משה? נאר דעם אמת,
אז ניט וועל איך אייך אלע מוזן נעמען!

יהושוע:

דאס בין איך! —

**עלטסטער:**

(קוקט אים אָן פּאַרדעכטיק)

זאָגסט ליגן! ·

**נעפעג:**

איך בין דאָס!

**אליאָסף:**

ניט אמת, איך בין משה!

**זיכרי:**

ניין, איך!

**עוזיאל:**

ווי וואָר איך לעב, דאָס בין איך!

**מאַהאַלי:**

צי קענט איר דען ניט זען אז דאָס בין איך?!

**עלטסטער:**

(דראָט מיט דער שווערד)

ליגנער! כ׳וועל אייך ווי הינט צעהאַקן!

נו, גיכער, כ׳האָב קיין צייט ניט,

ווער איז משה? אומווירדיקייטן, וואָס איר זענט!

איך וועל אייך ווייזן ווי צו מאַכן אויפשטאַנד!

**משה:**

(וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געשוויגן, גייט צו צום עלטסטן)

צו דיין דינסט, מיין האַר.

**עלטסטער:**

(קוקט אים שאַרף אָן)

יאָ, דאָס ביזטו!

דיך דאַרפן מיר האָבן. פּרעה וויל דיך אָנקוקן.

(צו די זעלנער)

נעמט אים!

(צוויי זעלנער שטעלן זיך אַוועק בײַ ביידע זייטן)

**משה:**

אי ך  בין  האָט אונז צום ערשטן מאָל געפּרואווט,
מיר האָבן אויסגעהאַלטן דעם נסיון!
(גיט זיך זעלנעריש אַ קער אום צו דער טיר, די זעלנער נאָך אים און זיי מאַרשירן אַרויס).
(פאָרהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס פאַרגיין פון צייט. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זעט מען פּרעהס טראָן־צימער, ווי אין פריערדיקן בילד. פּרעה שפּאַנט אַרום הין און צוריק. משה שטייט אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָפּגאָט. ביידע שווייגן)

**פּרעה:**

כ'האָב דיך גערופן אַהער, ווייל דו געפעלסט מיר,
איך וויל דיך ראַטעווען פון דער תליה.

**משה:**

וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן?

**פּרעה:**

גיב אויף דעם אויפשטאַנד, דאָס פאָלק שטיל איין,
זאָג זיי, פּרעה האָט געגעבן אַ באַפעל,
די אַרבעט און דאָס לעבן מאַכן גרינגער,
און דיך וועל איך דערפאַר אַוועקזעצן באַם טראָן,
און דו וועסט ווערן פּרעהס רעכטע האַנט.

**משה:**

אַ פאָלקס־פאַרעטער קען אויך פאַרעטער פונם קעניג ווערן,
איך זוך ניט, פּרעה, קעניגלעכע מאַכט;
איך וויל דערגיין דעם סוד וואָס ליגט אין שטערן,
אין ליכט פון טאָג, אין פינצטערניש פון נאַכט.
דער וועג צו דעם — דער מענטש, זיין בלוט, זיין מוח,
אין אים ליגט די אַנטפּלעקונג פונעם סוד,
אין זיין באַפרייאונג, ליכט פון אָנהויב זע איך,
און הער די שטים, די לויטערע, פון גאָט.

**פּרעה:**

כ'הער אויך די שטים פון גאָט, אין שווערד געפּעכטן,
אין שטיין פון ספינקס, אין רוף פון דעם טרומייט;

אין זיגרייכן נצחון פון גערעכטן,
און אין דעם קעגנערס אומפאַרשעמטן טויט.

**משה:**

דאָס, פּרעה, אויך איז גאָט, נאָר פון דער אַנדער זייט,
פון וועלכער ער אַליין וויל זיך באַפרייען;
פאַר דעם האָט ער דעם מענטש, אויף לייוונט פון דער צייט,
אין זיין געשטאַלט און אין זיין ליכט געמאָלן.

**פּרעה:**

ס'הייסט, איך בין פינצטערניש און דו ביזט ליכט,
נו גוט, וועל איך באַם זייט פון מיר דיך טאַקע האַלטן,
אוןביידע וועלן מיר אויף צייטס געזיכט,
דעם גאָט, דעם גאַנצן, צווייזייטיקן געשטאַלטן.

**משה:**

דיין געריכט האָט מיך פאַראורטיילט צו דער תליה,
היינט האַרף דער אורטייל ווערן אויסגעפירט;
איך פאָדער דאָס רעכט צו שטאַרבן!

**פּרעה:**

רעכט און אומרעכט ליגט אין פּרעהס האַנט;
ווילסט שטאַרבן, און דער וועלטס לעגענדע ווערן!
לעגענדע וועט פּרעה ווערן דורכן ספינקס,
וואָס וועט דורך דורות זינגען צו די שטערן.

**משה:**

וואָס וועסטו טאָן מיט מיר?

**פּרעה:**

איך דאַרף דיך האָבן, דיין חכמה וויל איך הערן,
דו פּרעהן העלפן וועסט צייטס וואונדער ווערן.

**משה:**

כ'וועל אויפרייצן די דינער דיינע קעגן דיר.

**פּרעה:**

לאָז פּרעהן וועגן דעם זיך זאָרגן.

**משה:**

דאָס פֿאָלק וועט וויסן, אַז איך לעב,

און קיינמאָל וועט דאָס בלוט זיינס זיך ניט שטילן.

**פּרעה:**

דאָס פֿאָלק וועט וויסן, אַז דו ביזט געשטאָרבן.

**משה:**

וואָס קלייבסטו זיך צו טאָן?

**פּרעה:**

די הינריכטונג וועט פֿאָרקומען אין דער באַשטימטער צייט,

דאָס פֿאָלק וועט זען: ס'גייט משה צו דער תּליה,

נאָר שטאַרבן וועט ניט משה, נאָר אַ שקלאַף.

**משה:**

ביזט דורכגעטריבן, האָסט די מאַכט,

דאָס בלוט פֿון שקלאַף וועט פֿאַלן אויף דיין קאָפּ.

**פּרעה:**

דיין חכמה, משה, וועט עס רייניקן.

(פּרעה טוט אַ קלאַפּ אין טאַץ. אַ זעלנער קומט אַריין)

**זעלנער:**

וואָס באַפֿעלט מיין האַר?

**פּרעה:**

עס דאַרף היינט פֿאָרקומען אַ הינריכטונג.

**זעלנער:**

אַ פֿאָלקס־פֿאַרעטער דאַרף הינגעריכטעט ווערן.

**פּרעה:**

קלייב אויס אַ שקלאַף, דעק צו זיין פּנים,

און פֿיר אים צו דער תּליה.

**זעלנער:**

(מיט פֿאַרוואונדערונג)

מיין האַר?!

**פּרעה:**

אַזוי איז פּרעהס ווילן, פֿאַרשטאַנען?!

**זעלנער:**

יאָ, מיין האַר.

(גייט אַרויס)

(פון דרויסן דערהערט זיך דאָס קלאַפּן פון פּייקלעך, טומל און געשריי)

**קול:**

(פון דרויסן)

אזוי שטאַרבן פאַרעטער פון קעניג און פון פאָלק . . .

**משה:**

(פאַלט אַוועק אויפן דיל, דאָס פּנים איינגעגראָבן אין די הענט)

גאָט, וואָס פיניקסטו מיך? . . .

**פּרעה:**

געשטאָרבן איין זייט פון גאָט,

גאָטס צווייטע זייט זאָל לעבן! . . .

(פאָרהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס בייטן פון דער סצענע און דאָס פאַרגיין פון צייט. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זעט מען די פינף קאָנספּיראַטאָרן, ווי פריער).

**אליאָסף:**

און איך זאָג, אז ניט משה איז געשטאָרבן אויף דער תּליה.

**זיכרי:**

אויב ניט משה, טאָ ווער?

**אוזיאל:**

ווי אזוי האָט ער זיך געקענט פון דער תּליה ראַטעווען?

**מאַהאַלי:**

פאַרוואָס זאָל פּרעה שיינקען אים דאָס לעבן?

**אליאָסף:**

איר זענט אַלע געווען בא דער הינריכטונג, ניט אמת?

האָט עמיצער פון אייך געזען זיין פּנים?

**זיכרי:**

זיין פּנים איז געווען פאַרדעקט מיט שוואַרצן טוך,

ס'האָט קיינער ניט געקענט זיין פּנים זען.

**אליאָסף:**

טאָ ווער איז זיכער אז ס'איז געווען משה?

**נעפעג:**

וואָס מיינסטו צו זאָגן, אליאָסף, אז משה האָט פאַראַטן?

פאַרקויפט די פרייהייט פונעם פאָלק צו פרעהן פאַר זיין לעבן?

**אליאָסף:**

איך ווייס ניט וואָס צו זאָגן און צו טראַכטן,

נאָר עפּעס זאָגט מיר, משה איז ניט געשטאָרבן.

(עס עפנט זיך האַסטיק די טיר. יהושע לויפט אימפּעטיק אַריין)

**קאָנספּיראַטאָרן:**

וואָס הערט זיך, יהושע?

**יהושע:**

דער אויפשטאַנד וועט זיך אָנהויבן צו דער באַשטימטער צייט!

**זיכרי:**

ס'וועט זיין אַ דורכפאַל! זינט משהס הינריכטונג

איז בא די קעמפער אונזערע דער מוט געפאַלן.

**יהושע:**

דעם אויפשטאַנד וועט פירן משה!

**קאָנספּיראַטאָרן:**

וואָס מיינסטו צו זאָגן?

**יהושע:**

איך האָב געלאָזט פון מויל צו מויל פאַרשפּרייטן,

אַז משהן איז געלונגען צו אַנטלויפן,

און ס'איז געשטאָרבן אַנשטאָט אים אַ שקלאַף.

**נעפעג:**

און אַז זיי וועלן דעם אמת זיך דערוויסן?

**יהושע:**

וועט זיין צו שפּעט! דער קאַמף וועט פלאַקערן אין גאַנצן לאַנד!

**אליאָסף:**

שפּילסט זיך מיט פייער, יהושע!

יהושוע:

עס לוינט דאָס שפּיל! פאַרברענט ווערן,

אָדער אויפפלאַקערן ווי די זון. —

ברידער, צום קאַמף אין משהס נאָמען!

(עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ זעלנער. אַלע בלייבן דערשראָקן און קוקן זיך איבער)

זעלנער:

ווען הויבט זיך אָן דער קאַמף אין נאָמען פון א י ך ב י ן?

אליאָסף:

וואָס רעדסטו? מיר זיינען מענטשן פרידלעכע,

און פאַרברייינגען דאָ די צייט אין רייד און שפּאַס.

משה:

(נעמט אַרונטער די מאַסקע פון פּנים)

ברידער! —

(אַלע בלייבן דערשטוינט ווי זיי וואָלטן ניט געגלויבט זייערע אויגן)

אליאָסף:

(קומט צו זיך דער ערשטער)

איך האָב געזאָגט, אַז משה איז ניט געשטאָרבן!

משה:

דער וואָס אין האַרצן טראָגט דאָס גלויבן אין א י ך ב י ן,

דער שטאַרבט ניט.

יהושוע:

ברידער, א י ך ב י ן איז צווישן אונז,

צום קאַמף, צום אויפשטאַנד, ברידער!

אַלע:

צום אויפשטאַנד! צום קאַמף!

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# געבורט פון גאָט

ג ע ש ט אַ ל ט ן :

| | |
|---|---|
| ערשטער מאַן | אבירם |
| צווייטער מאַן | קורח |
| דריטער מאַן | אהרן |
| פרוי | משה |
| משוגענער | יהושוע |
| אַ מאַן | זעלנער |
| שטימען | געץ |
| דתן | המון |

(אַ מדבר־דיקע פלאַך. איבער דער פלאַך זיינען צעשטעלט געצעלטן. פון דער ווייט זעען זיך די בערג שפּיצן. עס הערט זיך אַ געוויין פון קינדער. טומל. בײַ איינעם פון די געצעלטן שטייט אַ געזעמל מענער, ווייבער און קינדער).

**ערשטער מאַן:**

איך שטאַרב פון הונגער. אַ שטיקל ברויט. איך שטאַרב.
(דערזעט ווי אַ צווייטער קייט אַ סקאָרינקע. וואַרפט זיך אויף אים)

**צווייטער מאַן:**

(ווילד און אויפגערייצט)
קומסט צו נאָנט, שפּאַלט איך דיר דעם קאָפּ!

**דריטער מאַן:**

(גייט צו און נעמט זיי פֿאַנאַנדער)

הינט! דעם צלם אלוהים פֿארנעסן!

**ערשטער מאַן:**

(פֿאַלט אַנידער אין אָנמאַכט. וויינט).

ברויט! אַ שטיקל ברויט!

**צווייטער מאַן:**

(גריזשעט דאָס ברויט און קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן)

אַזאַ הונט!

**פֿרוי:**

(וויגט אַן עופֿהלע)

מיין קינד! מיין פֿייגעלע!

רחמנות, האָט רחמנות! עס האָט קיין כח ניט אפֿילו וויינען;

די בריסטן מיינע זיינען דאַר, און טרוקן ווי דער זאַמד...

**משוגענער:**

גרייט זיך, גרייט זיך, די גאולה קומט,

אַ שטערן האָט מיר אויסגעזאָגט דעם סוד,

אַ ווינט האָט מיר אריינגערוימט אין אויער,

אַזוי האָט גאָט געזאָגט דעם פֿאָטערל אברהם,

האַ—האַ—האַ—

**דריטער מאַן:**

שווייג, דו גאָט לעסטערער!

**משוגענער:**

אַזוי האָט גאָט געזאָגט דעם פֿאָטערל אברהם:

איך וועל דיך מאַכן ווי דאָס זאַמד אויף דער ערד,

איך וועל דיך מאַכן ווי די שטערן אויפֿן הימל. —

מיר זיינען שוין צעטריקנט ווי דאָס זאַמד,

און באַלד וועלן מיר זיין ווי שטערן קאַלט, האַ—האַ—האַ—

די מצרים האָט ער אינם ים דערטרונקען,

און אונז לאָזט ער פֿון הונגער לאַנגזאַם אויסגיין,

ווייל מער פֿון אַלעמען האָט ער אונז ליב, האַ—האַ—האַ———

**אַ מאַן:**

שווייג, משוגענער!

**משוגענער:**

אַ שטערן האָט מיר אויסגעזאָגט דעם סוד,
אַ ווינט האָט מיר אַריינגערוימט אין אויער;
זייט גרייט, זייט גרייט, דער אויסלייזער קומט אָן. —
איר ווייסט ווער דער אויסלייזער איז?

**שטימען:**

ווער? נו, זאָג!

**משוגענער:**

העֶ—העֶ—העֶ—העֶ—
פאַר אַ שטיקל ברויט וועל איך אויסזאָגן.
(עמיצער וואַרפט אים צו אַ שטיקל ברויט. משוגענער כאַפּט דאָס ברויט און נעמט עס שלינגען)
דער אויסלייזער איז... איז... איז...
דער טויט, האַ—האַ—האַ—

**מאַן:**

אַזוי פיל לאַנד פאַראַן פאַר קברים אין מצרים,
באַדאַרפט זיך שלעפּן אין דער וויסטעניש צו שטאַרבן.

**אַן אַנדערער:**

די בייטש איז שווער געפאַלן אויפן לייב,
נאָר בעסער אַלץ ווי אויסגיין דאָ פון הונגער.

**נאָך איינער:**

איך זאָג, מיר זיינען נאָך ניט ווייט אַוועק,
עס איז נאָך צייט זיך אומקערן צוריק,
און ראַטעווען דאָס לעבן.

**אַן אַנדערער:**

גערעכט! ווי וואָר איך לעב, גערעכט!

**מאַן:**

ווער וועט אונז פירן צוריק אין לאַנד מצרים?

**אַן אַנדערער:**

מיר װעלן אױסקלײבן אַ פירער פון צװישן אונז,
װאָס װײס און פילט די לײדן אונזערע;
מיר װעלן גײן צו פּרעהן און אים מחילה בעטן,
מיר װעלן צוזאָגן זײן גאָט צו דינען,
און די געזעצן זײנע אָפּצוהיטן;
מיר װעלן אים דאָס לאַנד זײנס אױפבױען צוריק,
װי קײנמאָל גאָרנישט ניט געװען.

**מאַן:**

שקלאַפן! פאַרגעסן דאָס צעפּאַסעװעטע לײב!
מען װעט אײך פּאַסעװען נאָך צען מאָל שטאַרקער!
איך בלײב דאָ און בעסער שטאַרבן אַ באַפרײטער.

**ערשטער:**

אַ שטיקל ברױט — — — איך שטאַרב — — — —

**משוגענער:**

זײט גרײט, זײט גרײט, דער אױסלײזער קומט אָן,
האַ—האַ—האַ—האַ— — — — —

(טומל, געװײן, געשרײ. דאָס געזעמל װערט אַלץ גרעסער און גרע-
סער. פון געזעמל אַרױס באַװײזן זיך דתן און אבירם)

**דתן:**

ברידער!

(דער טומל הױבט זיך אָן אײנשטילן)

ברידער! —

שטעט האָבן מיר געבױט, פּעסטונגען אין לאַנד מצרים,
קאַנאַלן אױסגעגראָבן, אײנגעצאַמט דעם נילוס,
און איצט װעלן מיר זיך לאָזן װי קינדער הילפלאָזע,
אײנציקװײז פאַרהונגערן אױף טױט?!

**אבירם:**

װי אברהם יצחקן שלעפּט ער אונז צו דער עקידה,
צו דער עקידה פון אַן אױסגעטראַכטן גאָט . . .

**דתן:**

ער זונדערט זיך אָפּ פון אונז אויף גאַנצע טעג,
פאַרשפּאַרט זיך הינטער טיר פאַרשלאָסענער אַליין,
אָדער וואַנדערט אום צווישן בערג און קוקט צום הימל,
און רעדט צו זיך אַליין און צום אַרום;
ווער ווייס, מיט וועמען ער פירט דאָרט אָן געשפּרעכן,
מיט גאָט, צי מיטן שטן?

**אבירם:**

אפשר איז ער גאָר אַליין דער שטן, אָדער דעם שטנס זון;
מען זאָגט, ניט אמרם איז געווען זיין טאַטע,
זיין טאַטע, זאָגט מען, איז דער גייסט פון די בערג,
און אָט דערפאַר ציט אים צוריק צום שורש.

**דתן:**

אַ פירער דאַרפן מיר וואָס ווייס וואוהין ער פירט,
בּאַ וועמען אונזערע לעבנס זיינען ניט קיין שפּילצייג,
אַ פירער וואָס וועט אונז געבן אַ גאָט וואָס מען קען זען,
צו וועמען מען קען קומען תּפילה טאָן און בעטן,
און ניט קיין אויסגעטראַכטן גאָט וואָס פירט קאַפּריזן,
ווי יעהאָווע.

**שמעון:**

נערעכט! . . . נערעכט! . . . גאָלדענע ווערטער! . . .

**מאַן:**

ווער דו דער פירער!

**שמעון:**

פיר דו! מיר וועלן טאָן וואָס דו וועסט הייסן! . . .

**דתן:**

ניט איך, איך בין קיין פירער ניט;
פאַראַן אָבער פון צווישן אונז אַ מאַן,
וואָס איז פאַר דעם געבוירן. איר אַלע קענט אים . . .

**שמעון:**

ווער איז ער?

**דתן:**

קורח איז זיין נאָמען.

**שטימען:**

וואו איז ער? . . . ברייננגט אים אהער . . . זאָל לעבן קורח! . . .

(קורח באַווייזט זיך פון זיין געצעלט. עטלעכע מענער לויפן צו, הויבן אים אויף אויף די אַקסלען, ברייננגען אים צוטראָגן, און שטעלן אים אַוועק אויף אַ דערהויבענעם פּלאַץ).

**אבירם:**

זאָל לעבן קורח, אונזער נייער פירער!

**שטימען:**

זאָל לעבן קורח!

באַפריי אונז פון יעהאָווען און זיין נביא!

**קורח:**

(שטייט אַ ווײַלע אין דער פּאָזע פון אַ זיגער. ערנסט).

מיין הארץ איז פול מיט ווייטאָק און רחמנות,

אָ, ברידער, ברידער, וואָס ס'איז פון אייך געוואָרן,

און וואָס עס וועט פון אייך נאָך ווערן, ברידער,

אָט דאָ, וואו ס'באַקט די זון און ס'ברענט דער זאַמד!

איך האָב געמאַכט פאַרזוכן איינעם נאָכן צווייטן

צו עפענען די אויגן אייערע, אייך אויסצוניכטערן פון כישוף

אין וועלכן ער האָט אייך אַריינגעוואָרפן. נאָר ס'איז געווען אומזיסט.

ער האָט אייך צוגעזאָגט אַ לאַנד פון מילך און האָניק,

דאָס קעניגרייך פון גאָט. פון וועלכן גאָט?

אָט, טוט אַ קוק, וואָס זעט איר?

בערג און הימל, בערג און זאַמד;

און גאָט וואו איז? וואָס ענטפערט ער אייך ניט,

דער גאָט, וואָס משה רופט אים אָן א י ך ב י ן?

ווייל ער איז ניטאָ, און לעבט נאָר אין מוח פון אַ משוגענעם . . .

**ווייבער:**

(וויינען)

ווי איז אונז . . . ווי איז אונז . . .

**שטימען:**

שטיל זאָל זיין!... לאָזט קורחן רעדן!...

**קורח:**

ער האָט אייך איינגערעדט: ער האָט דעם ים געשפּאָלטן,
און איר, ווי קינדער, האָט געגלויבט.
פּאַרוואָס האָט ער אייך ניט דערציילט: פּאַראַנען צייטן
ווען דאָס וואַסער ציט אַוועק אין מיט פון ים,
און ס'ווערן אויסגוסן דאָן פּלאַך און טרוקן;
ווייל ס'ווילט זיך אים אַ פירער זיין, אַ קעניג.
נאָך אין מצרים האָט ער פּרעהס קרוין געזוכט,
און האָט געמוזט זיך ראַטעווען קיין מדין;
אויף גאַנצע טעג פאַרשווינדט ער אין די בערג,
און נאָכדעם זאָגט ער אייך, ער האָט מיט גאָט גערעדט,
און גאָט האָט אים געזאָגט אַזוי און אָט אַזוי,
פאַרוואָס קען גאָט אַליין צו אייך ניט רעדן?
פאַרוואָס ברענגט ער ניט זיין גאָט צופירן,
איר זאָלט אים קענען אָנקוקן?
אויב זיין גאָט לעבט און קען טאָן וואונדער,
זאָל ער אייך געבן ברויט צו עסן, צום טרינקען וואַסער,
און ניט לאָזן אויסשטאַרבן אַ פאָלק,
פון מענער, ווייבער, אַלטע לייט און קינדער!

**ווייבער:**

(וויינען)

ווי איז אונז!... ווי איז אונז!...

**שטימען:**

ער האָט אונז פאַרפירט!... פאַרכישופט!...

**שטימען:**

רעד ווייטער, קורח!... זאָל זיין שטיל!...

**קורח:**

נאָך איידער ס'איז פאַראַן אַ סימן פון אַ לאַנד,
האָט ער זיך שוין גענומען פירן ווי אַ קעניג;

זיין ברודער פֿאַרן כּהן גדול שוין באַשטימט,
פֿון זיין משפּחה אַלעמען געמאַכט פֿאַר האַרן,
איר וועט זיין שקלאַפֿן צען מאָל מער ווי אין מצרים,
און ס׳וועט קיין גאָט ניט זיין וואָס זאָל זיך אָננעמען פֿאַר אייך . . .

**שטימען:**

טויט צו משהן און צו זיינע נאָנטע! . . .

**ווייבער:**

מיר וועלן פֿון דאַנען מער קיין טראָט ניט מאַכן! . . .

**שטימען:**

פֿיר אונז צוריק אַריין אין לאַנד מצרים! . . .
גיב אונז אַ גאָט וואָס זאָל אונז היטן און באַשיצן . . .
מיר ווילן לעבן ווי אַנדערע פֿעלקער לעבן...

**קורח:**

איך האָב מיין האָפֿנונג קיינמאָל ניט פֿאַרלוירן,
איך האָב געוואַרט, פֿאַרלאָזט זיך אויף דער צייט,
איך האָב געוואוסט, איר וועט צום שכל קומען,
און ס׳איז נאָך ניט צו שפּעט. מען קאָן נאָך ראַטעווען,
די לעבנס וואָס מיר האָבן אויפֿגעאָפּפֿערט
אין נאָמען פֿון אַ נאָמענלאָזן גאָט,
זיינען פֿאַרפֿאַלן. מיר ווילן מער ניט ברענגען קיין קרבנות! . . .

**שטימען:**

אויב שטאַרבן, ווילן מיר וויסן פֿאַר וועמען און פֿאַרוואָס!...

**קורח:**

מיר ווילן אַ גאָט פֿון ריינעם גאָלד! . . . ניט אמת?

**שטימען:**

ווי די מצרים!...

**קורח:**

און אים וועלן מיר פֿאָלגן,
וואוהין ער וועט אונז הייסן גיין!

**שטימען:**

אים וועלן מיר פֿאָלגן!

**קורח:**

מיר האָבן פון מצרים מיטגענומען גאָלד,
זאָל דער כהן גדול אונז אויסגיסן פון דעם א גאָט,
וואָס וועט זיך קענען פאַרמעסטן מיט דעם גאָט פון די מצרים...

**המון:**

וואו איז דער כהן גדול?
ברענגט אים אהער!
(דתן און אבירם לויפן אַוועק און ברענגען אהרנען)

**קורח:**

(צו אהרנען)
משה האָט אונז פאַרלאָזט,
ער האָט אונז אָפּגענאַרט!...
מיר ווילן מער ניט וואַרטן אויף זיין גאָט!...
מאַך דו אונז א גאָט!...
גיס אויס אַ גאָט פון גאָלד!...

**המון:**

מאַך דו אונז א גאָט!...
גיס אויס א גאָט פון גאָלד!...

**אהרן:**

יעהאָווע וועט צערנען...
ער וועט אונז אַלעמען דערשלאָגן...
משה האָט זיך פאַרזאַמט, נאָר ער וועט קומען,
געדולט, אָ פאָלק, געדולט...

**קורח:**

יעהאָווע איז ניטאָ... משה האָט אים אויסגעטראַכט...
געדולט, געדולט! ווי לאַנג קען דויערן געדולט?
עס האָט געפּלאַצט!... גיב אונז א גאָט!...
דו ביזט דער כהן גדול, דאָס פאָלק פאַרלאַנגט א גאָט;
און ווען דער כהן גדול דערפילט ניט די פאַרלאַנגען פונעם פאָלק,
איז טויט די שטראָף!...

**המון:**

אַ גאָט גיב אונז,
אָדער מיר וועלן דיך פאַרשטיינען! . . .

**אהרן:**

גוט, דעם פאָלקס פאַרלאַנג זאָל ווערן אויסגעפילט.
(צו דתנען)
בלאָז אין טרומייטער,
זאָג אָן דעם פאָלק ער זאָל די צירונג ברייננען.

**דתן:**

(בלאָזט אין טרומייטער)
הער צו, הער צו, אָ פאָלק ישראל,
עס ענדיקט זיך דיין מדברדיקער וועג;
דאָס גאָלד וואָס איר האָט מיטגענומען פון מצרים
ברייננט אַהער, און פון דעם גאָלד אַ נייער גאָט וועט אויפשטיין,
וואָס איר וועט קענען זען, וואָס וועט אייך פירן,
און שטענדיק זיין מיט אייך.
אַזוי באַפעלט דער נייער פירער קורח! . . .

(עס נעמען זיך באַווייזן פון די געצעלטן מענער, ווייבער און קינדער מיט גאָלדענע צירונג און וואַרפן עס אַריין אין אַ גרויסן קעסל וואָס מען האָט פון ערגעץ געבראַכט. אהרן צינדט אָן אַ פייער אונטערן קעסל, צעשמעלצט דאָס גאָלד, און צוזאַמען מיט קורחן, דתן און אבירם נעמט ער פורעמען אַ געץ).

(פאָרהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס פאַרגיין פון צייט. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, שטייט משה באַם פוס פון אַ באַרג און רעדט צו זיך אַליין).

**משה:**

איך האָב עס! . . . איך האָב עס! . . . דאָס געזעץ! . . .
דאָס אייביקע געזעץ וואָס שאַפט און האָט באַשאַפן,
וואָס האָט פון תוהו אויסגעפורעמט אָרדנונג,
וואָס האָט אין לעבן געשאַפן קוואַל פון טויט,
וואָס האָט אין טויט געשאַפן קוואַל פון לעבן,

דאָס געזעץ, וואָס פירט די זון און נערט דאָס קלענסטע גרעזל.
צי נעמט א טאָג אוועק באַם צווייטן טאָג זיין ליכט?
צי נעמט א גראָז אָפּ בא א צווייטער גראָז דאָס טראָפּן וואסער?
אָ, גאָט, זעקס טעג האָסטו געפורעמט און געפּלאַנט,
און זיך דערפורעמט צו דער הארמאָניע פון איינס — פון מענטש,
און האָסט פארזייט אין אים דאָס קערענדל פון סוד . . .
דאָס קערענדל פון סוד דארף ווערן קלאָרקייט.
אָ, גאָט, איך פיל און איך פארשטיי דיין פורעם:
געזעץ! . . . דאָס איז עס! . . . געזעץ פון זעקס! . . .
זעקס טעג — זעקס טויזנט יאָר, און נאָכדעם מענטש,
און נאָכדעם גאָט, גאָט־מענטש, אחד . . .
אָ, גאָט, האָסט מיר אנטפּלעקט דאָס ליכט, פארקערפּער עס אין וואָרט,
און שיינק עס מיר, איך זאָל דאָס ליכט צום מענטשן קענען ברענגען.
אָ, גאָט, פאר מיר האָסטו אן אומשולדיקן שקלאַף געלאָזן הייגנען,
פארוואָס, אָ גאָט, פארוואָס? . . .
א שקלאַף . . . אן אומשולדיקן . . .
איך האָב עס! . . . איך האָב עס! . . .
דאָס וואָרט אין ליכט, דאָס ליכט אין וואָרט . . .
לא תרצח! . . . לא תגנוב! . . . לא תחמוד! . . .

**יהושוע:**

(קומט צולויפן אָן אַן אָטעם)
דאָס פאָלק איז אויפגעשטאַנען,
געזאלבט קורחן פאר פירער,
און שרייט טויט צו משהן . . .

**משה:**

(אין עקסטאַז. הערט ניט יהושוען)
איך האָב עס, יהושוע, איך האָב עס . . .
לא תרצח! . . .

**יהושוע:**

וואַך אויף, וואַך אויף, משה, וואַך אויף פון חלום,
מיר זיינען אין געפאר! . . .

**משה:**

(קומט צו זיך)

וואָס איז געשען, יהושע?

**יהושע:**

דאָס פאָלק איז אויפגעשטאַנען,

שרייט טויט צו משהן!...

**משה:**

די האַנט פון קורחן האָט דאָך געבראַכט צום אויפשטאַנד!

**יהושע:**

איך האָב פיל מאָל געבעטן זיך בײַ דיר:

דערלויב מיר מיט מײַן שווערד אים דורכשטעכן דאָס האַרץ.

**משה:**

איך וועל עס דיר אויך איצטער ניט דערלויבן!

גיי, יהושע, די יונגען דײַנע קלײַב צענויף,

הייס מיטנעמען כּלי זין, גרייט ווי צו מלחמה,

און איך וועל דיך באַגעגענען בײַ די געצעלטן.

**יהושע:**

וואָס קלײַבסטו זיך צו טאָן?

**משה:**

וועסט זען שפּעטער. טו וואָס איך הייס.

(יהושע אָפּ)

**משה:**

אָ, גאָט, אחד, זײַ זוכן דיך אויף אַלע וועגן,

דורך קורחן, דורך מיר, דורך יהושען!...

(פאַרהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס פאַרגיין פון צײַט. ווען דער פאַרהאַנג הייבט זיך אויף, זעט מען דאָס פריערדיקע פּלאַץ בײַ די געצעלטן. עס שטייט אַ גרויסער, גאָלדענער געץ. אַרום דעם געץ טאַנצן כּהנים און זינגען תּפילות. ווײַבער, מענער און קינדער טאַנצן מיט און זינגען)

**כהנים:**

אונזער גאָט, אונזער גאָט,
איז פון ריינסטן גאָלד;
אונזער גאָט, אונזער גאָט,
האָט אונז אַלע האָלט.

**המון:**

(זינגט עס נאָך)

**כהנים:**

אונזער גאָט, אונזער גאָט,
איז צו אַלע גלייך;
אונזער גאָט, אונזער גאָט,
וועט אונז מאכן רייך.

**המון:**

(זינגט עס נאָך)

**כהנים:**

אונזער גאָט, אונזער גאָט,
איז ניט פונעם באַרג;
אונזער גאָט, אונזער גאָט,
וועט אונז מאַכן שטאַרק.

**המון:**

(זינגט עס נאָך)

**כהנים:**

אונזער גאָט, אונזער גאָט,
האָט אונז אַלע האָלט;
אונזער גאָט, אונזער גאָט,
איז פון ריינסטן גאָלד.

**המון:**

(זינגט עס נאָך)

**משה:**

(קומט האַסטיק אָן אויף דער סצענע מיט אַ האַמער אין האַנט, לויפט צו צום גאָלדענעם געץ און צעהאַקט אים אויף שטיקער. קערט

זיך אום מיטן פּנים צום פאָלק. פאָלק און כהנים צעטומלט פון דער פּלוצימדיקייט פון משהס האַנדלונג, נעמען ציען אויף צוריק. אַ ווײַלע הערשט אַן אַנגעשטרענגטע שטילקייט. פאָלק און משה קוקן זיך אָן. קורח קומט צו זיך דער ערשטער, קומט אַרויס אין פאָדערגרונט, אַנגעטאָן ווי אַן עגיפּטישער קריגער).

**קורח:**

ווער האָט דיר געגעבן די דערלויבעניש דאָס צו טאָן?

**משה:**

האָסט אים באַדאַרפט מאַכן פון מער זיכערן מעטאַל.
עס זאָל אַן אומשולדיקער האַמער אים ניט קענען
אַזוי לײַכט אומוואַרפן, ער זאָל קיין פּיפּס ניט טאָן אפילו...
און דו, קורח, האָסט זיך אויסגעפּוצט, אַ גאַנצער העלד;
צי האָסטו פרעהן ניט באַרויבט פון זײַנע קליידער
ווען מיר האָבן פאַרלאָזט מצרים?

**קורח:**

רעדסט נאָך אַלץ ווי דו וואָלסט געהערשט איבערן פאָלק!
זיי וויסן, משה, דאָס פאָלק וויל מער דײַן וואָרט ניט הערן!
דײַן טאַט די איצטיקע, און דײַנע פריערדיקע טאַטן,
פאַרמשפּטן דיך צום טויט! דו האָסט דאָס פאָלק פאַראַטן!
דאָס פאָלק וועט דיך משפּטן, אָט דאָ גלײַך אויפן אָרט,
און וועט אַרויסטראָגן זײַן גערעכטן אורטייל.

**משה:**

היט זיך, קורח! עס האָט געדולט אַ גרענעץ!...

**קורח:**

פאַרעטער!...

**משה:**

פאַראַטן האָט דײַן געץ, דער גאָלדענער,
וואָס קומט דיר ניט צו הילף...

**קורח:**

איך קלאָג דיך אָן אין נאָמען פונם פאָלק,
אין אויסנוצן דאָס פאָלק פאַר דײַנע משוגעתן!...

המון:

(טופעט מיט די פיס)

שטימען:

קורח איז גערעכט!...

קורח:

איך קלאָג דיך אָן אין באַנוצן זיך מיט כישוף,
צו פאַרכאַפּן די מאַכט, אין אַליינהערשאַפט,
אין וועלן ווערן קעניג און פאַרשקלאַפער,
אין אויסטראַכטן אַ גאָט וואָס איז ניטאָ,
אין אָפּנאַרן דאָס פאָלק!...

המון:

(טופעט מיט די פיס. שרייט)

שטימען:

קורח איז גערעכט!...

קורח:

אויב דיין גאָט לעבט,
פאַרוואָס קענען מיר אים ניט זען?
(קערט זיך אום מיטן פנים צום פאָלק)
וואָס פאַר אַ שטראָף קומט אַ פאָלקס־פאַרעטער?

המון:

טויט!...

קורח (צו משהן):

דאָס פאָלק משפּט ריכטיק!

(איינער פון המון הויבט אויף אַ שטיין און צילט אין משהן. משה באַמערקט עס און גיט זיך אַ קער אָפּ אָן אַ זייט. דער שטיין פליט אים פאַרביי. עס דערהערן זיך טריט ווי פון אַ מאַרשירנדיקער אַרמיי. יהושוע מיט זיינע זעלנער קומען אָן. עס ווערט שטיל. דער המון נעמט אָפּטרעטן אויף צוריק)

משה:

ווי גרינג איר וואַרפט זיך דאָס אָרום מיט טויט!
צי ווייסט איר דאָס באַדייט פון וואָרט?

ווי גרינג עס קומט אייך אָן ארויסטראָגן אַ משפּט!
ווי גרייט איר זענט דאָס צו פאַרגיסן בלוט!
צי ווייסט איר וואָס איז בלוט?
ס'איז סוד וואָס רופט זיך לעבן,
ס'איז זון, ס'איז ערד, ס'איז ליכטיקייט, ס'איז גאָט...
פאַר אייך האָט גאָט דעם סוד זיינעם אַנטפּלעקט,
אין אייך דאָס קערענדל פון ליכט פאַרזייט,
געבענטשט אייך מיט דער הייליקייט פון לעבן,
געבענטשט אייך מיט דער הייליקייט פון טויט,
איר זאָלט די ביידע הייליקייטן טראָגן,
מיט טיפן גלויבן און מיט שטאַרקער האַנט,
דורך שטורעם און דורך ווינט, דורך נעכט און דורך פאַרטאָגן,
ביז צו דער גרענעץ פון דעם צוגעזאָגטן לאַנד...

**קול:**

(פון המון)

ווי ווייט איז נאָך צום צוגעזאָגטן לאַנד?

**משה:**

ס'איז ווייט, פון דאַנען און ביז צו דער זון,
און נאָענט, ווי פון מוח ביז צום האַרץ,
דאָס לאַנד, דאָס צוגעזאָגטע ליגט אין גלויבן,
און ניט אין אָפּגאָטס טויטן גאָלדענעם גוף;
און ווייל ניט אַלע זיינען אויפגעשטאַנען אים צו לויבן,
און ניט געענטפערט אַלע אויף זיין טויטן רוף,
איז גאָט אייך מוחל און שיינקט אייך אַלעמען דאָס לעבן.

**קורח:**

מיט וואָס זאָל מען דאָס לעבן אויפהאַלטן?

**משה:**

מיט ווילן און מיט אויסדויער און גלויבן!

**קורח:**

און די וואָס שטאַרבן אויפן וועג פון הונגער?

**משה:**

ניטאָ קיין טויט אין צוגעזאָגטן לאַנד!

(עס קומען אָן צופליען מחנות פייגל אויף זייערע וואַנדערונגען און פאַלן אַוועק מידע באַ די פיס פון המון)

**המון:**

(פּלאַצט אויס אין ווילדער פרייד)

אַ נס!... אַ נס!...

**משה:**

ווילן! אויסדויער! גלויבן!

און מיר קומען אָן אין צוגעזאָגטן לאַנד...

**קול** (פון המון):

קורח האָט געוואָלט צוריק צו פּרעהן פירן,

די לייבער אונזערע צו שקלאַפעריי פאַרקויפן,

טויט צו קורחן!...

**המון:**

טויט צו קורחן!...

(איינער הויבט אויף אַ שטיין און פאַרמעסט זיך אויף קורחן)

**משה:**

האַלט!...

(המון בלייבט שטיל)

ווער האָט געגעבן אייך דאָס רעכט אויף אומצוברייענגען לעבן?

צי קענט איר לעבן אויף צוריק באַשאַפן?

אָ, ווייסט, אויף יעדן טראָפּן בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסן,

וויינט גאָט...

מיט יעדן טראָפּן בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסן,

פאַרלירט דער טאָג אַ טראָפּן ליכט,

פאַרלירט די זון אַ טראָפּן וואַרימקייט.

דער וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד איז לעבן,

אַזוי האָט גאָט געזאָגט!

ער האָט געשיקט דאָס לעבעדיקע וואָרט,

איר זאָלט עס איינקריצן אין האַרץ און אינם מוח,

און ס'וועט אייך געבן אייביקע באנייאונג,
און וועט דעם וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד באַלייכטן;
לא תרצח!...
לא תעשה לך פסל!...
(פון הינטערן וואָלקן באַווייזט זיך די זון)

**קול** (פון המון):
גאָטס וואָרט איז לעבן... גאָטס וואָרט איז ליכט...
עס וועט אונז פירן אין צוגעזאָגטן לאַנד...

**המון:**
לא תרצח!...

(פאָרהאַנג)

# געזאַנג פון טויט

ג ע ש ט אַ ל ט ן :

| | |
|---|---|
| משה | יהושוע |
| קול | פאָלק |

(אַ באַרג. אויפן באַרג שטייט משה איינער אַליין. באַגינען. מיט די צען געבאָט האָט משה אָוועקגעגעבן זיין יוגנט דעם פאָלק, און איז אַליין אַלט געוואָרן. ער פילט, אַז טויט איז נאָענט. ער, וואָס האָט געלערנט דעם פאָלק אייביק לעבן, אייביקע באַנייאונג, דערשרעקט זיך אין אָנגעזיכט פון טויט. ער וויל לעבן; ער וויל זען דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. ער וויל דאָס פאָלק אַליין אַהין אריינפירן. פון די בערג הויבט זיך אַ דינער נעבל ווי אַ שלייער. פייגל געזאַנג)

**משה:**

ערשט נעכטן בין איך יונג געווען, ערשט נעכטן
געפילט דעם כוח פון דער ערד אין מיינע גלידער,
ווען איך האָב מיט איין זעץ דעם געץ דעם גאָלדענעם צעשמעטערט;
ערשט נעכטן האָב איך זיך געקענט פאַרמעסטן מיטן פאָלק;
און איצט, וואָלט איך אַ צווייג אַ דינעם ניט צעבראָכן;
עס ווילן מיינע הענט און פיס מיר מער ניט דינען,
און וועגן שווער אַראָפּ, ווי שטיקער ערד.
אָ, אויב ס׳איז עמיץ דאָ פון אונטן, צי פון אויבן,
אין אָט דער שעה וואָס זעט מיך איצט און הערט,
זאָל ער דערקלערן וואָס געשעט מיט מיר!...

קול:

דו שטאַרבסט...

משה:

וואָס מיינט שטאַרבן?

קול:

דו מוזט פאַר זיך אַליין דאָס אויסגעפינען!

משה:

איך האָב מורא...

קול:

דו, וואָס האָסט בּאַ פּרעהן געמאָנט דאָס רעכט צו שטאַרבן,
ווען ער האָט אָנשטאָט דיך אַ שקלאַף געלאָזן הייגגען,
דו האָסט מורא?!

משה:

כ'בין יונג געוועזן דאַן און ניט אַליין,
גאָטס וואָרט, גאָטס ליכטיקייט האָט מיר געגעבן מוט;
און איצט הער איך אין מיינע גלידער אַ געוויין,
און כ'פיל אַ קעלט, אַ פּראָסטיקע, צעגייט אין בלוט.
אַ זון, באַווייז זיך און מיין בלוט דערוואַרים!

קול:

אַ, משה, משה, דיין גאַנצן לעבן האָסטו וואַרימקייט געשפּרייט,
מער וואַרימקייט ווי ס'האָט די זון, אין וואָרט געפאַנגען;
און איצטער, ווען דו שטייסט אין אָנגעזיכט פון טויט,
ביזטו אַליין צו געצנדינסט דערגאַנגען.
האָסט וואַרימקייט פון ליבשאַפט געלאָזט ווערן,
דורך פיין, דורך צער, דורך הונגער און דורך נויט;
איצט ווילסטו נעמען און אַליין צעשטערן,
דאָס וואָס דו האָסט אַ לעבנלאַנג געבויט.
מאָנסט וואַרימקייט בּאַ זון, פון ווען דו ביזט גרעסער!
וואָס וואָלט דאָס פאָלק געזאָגט, ווען עס וואָלט דיך איצטער הערן?

משה:

דעם פאָלק האָב איך געגעבן צען געבאָט,
פאַרפלאָנצט אין אים די ליכטיקייט פון גאָט;

ער וועט מיט אַט די ווערטער, וואָס איז גלויבן,
צו ליכטיקייט צו זיינער זיך דערהויבן.
נאָר איך, וואו זאָל איך איצטער נעמען מוט,
אז עס פרירט ווי וואסער איין אין מיר דאָס בלוט...

קול:

שוין הויבן אָן די ווערטער צו פארלירן
דעם פייער און דעם צויבער און די קראַפט;
שוין הערט דאָס פאָלק אויף ביסלאַכווייז צו שפירן
דעם כוח וואָס באַוועגט און וואָס באַשאַפט;
ווייל, מיט דיין צווייפל איצט, און מיט דיין מורא,
פארלייקנסטו אליין דעם אמת פון דיין תורה;
דאָס פאָלק איז אין געפאַר, באַקעמפּ אין זיך די מורא!

משה:

איך קען ניט!...
דער וועג פון טויט איז פינצטער...

קול:

די גרענעץ נאָר איז פינצטער... אַ מינוט...
דו קענסט ניט דורכגיין איין מינוט אין פינצטערניש,
און ווילסט דאָס פאָלק זאָל גיין זעקס טויזנט יאָר...

משה:

באַשטראַל אַט די מינוט פון פינצטערניש מיט ליכט!

קול:

איך האָב קיין מאַכט ניט פאַר דער צייט דעם סוד אַנטפּלעקן;
דאָס וואָרט דיינס וועט עס טאָן ווען עס וועט ווערן רייף.
מוזט שטאַרבן איצט, דאָס וואָרט זאָל קענען רייפן!

משה:

כ'וויל לעבן! כ'וויל אָנקומען צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק
אין צוגעזאָגטן לאַנד אריין!...

קול:

פאַרוואָס פרעגסטו ניט וואָס איז לעבן?

משה:

איך ווייס.

קול:

וואָס איז עס?

משה:

ס'איז ליכט פון טאָג, ס'איז וואַרימקייט פון זון, ס'איז רעגן,
ס'איז גראָז וואָס וואַקסט, ס'איז ווינט וואָס בלאָזט אויף אַלע וועגן,
דאָס אויג וואָס זעט, דאָס האַרץ וואָס פילט,
ביים דאָרשטיקן דאָס וואַסער אויפן גומען...

קול:

דאָס איז אַ שאָטן בלויז פון דאָס וואָס דאַרף נאָך קומען,
דאָס איז אַ צייכן בלויז וואָס איז געגעבן,
אַ טראָפּן פונם קוואַל וואָס רופט זיך לעבן...,

משה:

וואָס איז עס?

קול:

אַ רגע פינצטערניש, און ס'וועט דיר ווערן קלאָר,
דעם חלום פון אַ לעבנלאַנג וועט ווערן וואָר.

משה:

און ווער וועט פירן אין צוגעזאָגטן לאַנד?

קול:

דער אמת פון דיין וואָרט וועט זיין די האַנט,
וואָס וועט צייכענען דעם וועג
צום צוגעזאָגטן לאַנד... צום סוף פון טעג...
דער אמת פון דיין וואָרט דאַרף ווערן ליכט,
און אויפדעקן אין יעדן מענטשן מיין געזיכט...

משה:

וואָס איז עס?

קול:

אמת!...

משה:

און צוליב דעם מוז משה איצטער שטאַרבן?
פאַרוואָס מוז אמת קומען דורכן טויט?

קול:

געזעץ פון לעבן! אזוי געזאָגט האָט גאָט!
דאָס וואָרט דיינס וועט אַנטפּלעקן אָט דעם סוד...

משה:

זאָל דאָס וואָרט אַנטפּלעקן איצט באַם לעבן!
איך שטעל דעם אמת פון מיין וואָרט אַנטקעגן טויט!...
איך גיי צו זיי...

(משה שטרייגט אַן די לעצטע כוחות און לאָזט זיך פון באַרג מיטן וועג וואָס פירט צום לאַגער פון די געצעלטן. ער פאַרפּלאָנטערט זיך און קען ניט געפינען דעם וועג)

וואו ביזטו וועג?
ווער האָט פאַרצויגן אַ שלייער איבער מיינע אויגן?

קול:

זיי דאַרפן דיך ניט מער;
דיין לעבן איצט וועט זיין פאַר זיי אַ שטער,
אַ שטרויכל־שטיין אַ שאַרפער אויפן וועג,
אַ שאָטן אויף דער ליכטיקייט פון טעג.

משה:

אַ שטרויכל־שטיין אַ שאַרפער, איך? ווי קען דאָס זיין?
איך, וואָס אין וואָרט געבראַכט האָב ליכט און לעבן,
אין וואָרט, געבוירענעם אין נויט און פיין,
און זיי דאָס מיט דער פולער האַנט אָוועקגעגעבן...

קול:

ארויפגעצוואונגען!... מיט אַ שטאַרקער האַנט!...
דיין לעבן איז פאַר זיי איין גרויסע שרעק...
אויב זיי זאָלן אריין אין צוגעזאָגטן לאַנד,
מוזטו פון זיי זיך שיידן און אַוועק.
דאָס וואָרט מוז ווערן גלויבן, ליבע, שיין;
וואו מורא איז, קיין גלויבן קען ניט זיין.
בלייבסטו לעבן, און דאָס וואָרט וועט מוזן שטאַרבן,
און מיטן וואָרט דאָס פאָלק, און מיטן פאָלק שטאַרבט גאָט,

און קיינער וועט ניט זיין וואָס זאָל דיך ארבן,
און אייביק וועט פאַרבאָרגן זיין דער סוד...
קליינ, משה, אוים, ס'איז דיר אַצינד געגעבן,
ווער שטאַרבן זאָל ,און ווער זאָל בלייבן לעבן...

**משה:**

(פאַלט צו דער ערד. הויבט זיך אויף אַ באַרואיקטער.
זיין פנים איז אויפגעשטראַלט. עס באַווייזט זיך די זון)
כ'נעם אָן... כ'נעם אָן דעם טויט...
(יהושוע קומט צעלויפן. לויפנדיק דערזעט ער פון דער ווייטן משהן
און שרייט צו אים)

**יהושוע:**

א נס!... א נס!... פריי זיך משה!...
דאָס פאָלק האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן זינגען,
די אַלטע לייט זיינען געוואָרן יונג,
און אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון משהן...
(ער קומט צו נאָענט צו משהן, טוט אַ קוק אויף אים און נעמט אַ
דערשראָקענער ציען אויף צוריק)
ווער ביזטו?

**משה:**

וואָס האָסטו זיך דערשראָקן, יהושוע?

**יהושוע:**

ווער ביזטו, פרעג איך? וואו איז משה? רעד!

**משה:**

ער שטייט פאַר דיר, און איז דיר גרייט צו דינען.

**יהושוע:**

זאָגסט ליגן! ניט אַזוי רעדט משה!
משהס קול איז שטאַרק און ער באַפעלט!

**משה:**

ער האָט באַפעלט, און וועט עס טאָן ניט מער;
זיין אייגן קול איז אים געוואָרן שווער,
פאַרלוירן האָט זיין האַנט איר פלינקן בויג,
און ס'דינט אים מער ניט ס'ליכטיקייט פון אויג...

**יהושוע:**

הער אויף צו פלאפלען אלטער, ניטא קיין צייט,
דער וועג צום צוגעזאגטן לאנד איז שווער און ווייט.
וואו איז משה?

**משה:**

(שטרענגט אן זיינע לעצטע כוחות און דונערט ארויס)
א, הער מיך, יהושוע, משה רעדט!

**יהושוע:**

משהס קול... ווי אלט דו ביזט געווארן!...

**משה:**

איך שטארב...

**יהושוע:**

(פאלט צו צו משהס פיס מיט געוויין)
דו קענסט ניט שטארבן, משה!

**משה:**

שטיי אויף, יהושוע, שטיי אויף, וויש אפ דיין טרער.
א גרויסע פרייד נעשעט. פארנעם און הער:
איך שטארב... און ס'ווערט דאס פאלק געבוירן...

**יהושוע:**

אן דיר וועט אויך דאס פאלק אין מדבר שטארבן,
דיין שטארקע האנט, א משה, וואס זיי דארפן;
זיי זיינען דאך נאך אלע ווי קינדער גרייט,
אין יעדן אפגאטס ארימס זיך צו ווארפן;
דו איינער קענסט זיי האלטן אין דער מורא...

**משה:**

מיט מורא קען א פאלק ניט בלייבן לעבן,
דאס ווארט וואס כ'האב זיי דא באם בארג געגעבן
איז ליבע — דאס איין־און־איינציקע געבאט;
איך האב פארזייט אין זיי דאס קערענדל פון גאט,
איצט דארפן זיי אליין דאס קערענדל דערנערן,
ביז ס'וועט א פעלד א גרינער זינגען צו די שטערן...

**יהושוע:**

דער מדבר איז נאָך לאַנג,
עס דאַרף דאָס פֿאָלק א פֿירער!

**משה:**

איך מוז אָט דאָ, באַם פֿוס פֿון באַרג פֿאַרבלייבן. —
דאָס וואָרט אַליין וועט זיי פֿאָרויס איצט טרייבן,
דאָס וואָרט, וואָס איז שוין איצט געוואָרן בלוט,
וועט אָנצינדן אין זיי דעם ווילן און דעם מוט,
וועט אויפוועקן א הונגער, ניט נאָך ברויט, נאָך ליכט,
און וועט אַנטפּלעקן זיי גאָטס לויטערע געזיכט...
דו האָסט אַליין געזאָגט: א נס געשען,
דאָס פֿאָלק האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן זינגען,
די אַלטע לייט זיינען געוואָרן יונג...
דער וואָס פֿאַרלירט די מורא, דער קריגט גלויבן,
און דער וואָס גלויבט, האָט יוגנט אָנגעגורט;
מיין שטאַרבן האָט פֿון מורא זיי אַרויסגעהויבן,
און זיי געגעבן אייביקע געבורט...

**יהושוע:**

מוז טויט זיין דער באַפֿרוכפּערער פֿון לעבן?

**משה:**

ניט אַנדערש, יהושוע! טויט איז לעבן!
ביידע זיינען דאָס געזאַנג — אחד...
דורך טויט איז אונז די ליכטיקייט געגעבן,
צום מענטשן צו דערגיין, דורך אים צו גאָט...
כ'האָב אויך, ווי דו, געפֿרעגט, בא בערג און בא די שטערן:
אויב עמיצער איז דאָ וואָס טוט מיך זען און הערן,
זאָל מיר אַצינדער, אין מיין לעצטער שעה,
דאָס שוואַרצע גאָרנישט, וואָס הייסט טויט, דערקלערן...
און כ'האָב געהערט אַן ענטפֿער:
גאָרנישט איז ניטאָ,
פֿאַראַן איז נאָר די מורא פֿאַרן גאָרנישט,

און ס'ליגט דער סוד באהאלטן אָט־אָ־דאָ...
כ'האָב וואָרט און לעבן צונויפגעשמידט ווי רינגען,
איצט וועל איך ווייזן ווי צו שטאַרבן, ווען מען דאַרף. —
אָ, יהושוע, כ'הער וואַקסן גראָז און שטערן זינגען,
ווי דינע פינגער וואָלטן אָנגערירט אַ האַרף...
(עס דערהערט זיך פון דער ווייטן טומל, גערודער. דאָס פאָלק ציט
מיטן וועג פאַרביי דעם באַרג וואו עס שטייען משה און יהושוע,
עס הערן זיך אויסרופן:
„משה, קום אַרונטער פונם באַרג...
די זון קלעטערט העכער אויפן הימל...
קום, פיר אונז אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד...")

**משה:**

פאַרלאָז מיך, יהושוע, גיי צו זיי,
גיי, שטעל זיך אין דער שפּיץ פון פאָלק און פיר.

**יהושוע:**

איך קען דיך דאָ ניט איבערלאָזן, משה.
ווי קען איך איבערנעמען משהס פלאַץ?

**משה:**

גיי, יהושוע, דאָס לעבן רופט,
לאָז איבער טויט צו טויט...

**יהושוע:**

לאָז מיך נאָך שטיין אַ ווייל און קוקן אויף דיין פּנים.
(יהושוע און משה שטייען און קוקן לאַנג איינער אויפן אַנדערן.
אומאַרמען זיך).

**משה:**

(באַפרייט זיך פון יהושועס אומאַרמונג)
גיי, די צייט איז קורץ. דער טויט איז נאָענט.

**יהושוע:**

(נעמט זיך צעגויף, און נעמט ווי אַ קריגער שפּאַנען פון באַרג צום
פאָלק)

**פאָלק:**

(דערנענטערט זיך צום באַרג)
משה, קום אַרונטער פונם באַרג...
די זון קלעטערט העכער אויפן הימל...
קום, פיר אונז אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד...

**משה:**

(באַווייזט זיך אויפן באַרג. דאָס פאָלק בלייבט שטיל, איבעראַשט פון משהס פלוצלינגען אַלט ווערן)

**פאָלק:**

וואָס איז געשען מיט אונזער פירער?
אַז ווי איז, ווי איז אונז!...

**משה:**

איך באַפריי אייך פון מיר.
געשלאָגן האָט מיין לעצטע שעה.
איך שטאַרב, כדי איר זאָלט לעבן...

**פאָלק:**

וואָס טויג אונז לעבן אין מדבר אָן אַ פירער?

**משה:**

פון איצט און ווייטער וועט איר אַליין דער פירער זיין.

**פאָלק:**

ווער וועט די שונאים אונזערע באַזיגן
אויפן וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד?
אדום און מואב זיינען שטאַרק!...

**משה:**

ס'איז אמת שטאַרקער!
דאָס וואָרט וואָס כ'האָב צו אייך געבראַכט איז אמת,
אין אים ליגט די אַנטפּלעקונג פונם סוד...
איך האָב דאָס וואָרט פון בלוט אַרויסגעצויגן,
און בלוט איז לעבן, און לעבן — דאָס איז גאָט!...
פון אדומס שווערד און מואבס פייל איז שאַרפער,

דאָס בלוט אין וואָרט, וואָס כ'האָב צו אייך געבראַכט;
עס וועט, ווי זון, בייטאָג אייך וואַרימען און לויכטען,
און צינדן זיך ווי שטערן בײַ דער נאַכט...
דאָס גראָז דאַרף זון, דאָס קערענדל דאַרף רעגן,
צו קענען וואַקסן און צו קענען זיין;
דער מענטש דאַרף ליכט צו קענען קומען זיך אַנטקעגן,
דורך זיך אין צוגעזאָגטן לאַנד אַריין...
אייך איז דאָס וואונדערלעכע ליכט געגעבן,
איר וועט עס שפּרייטן וואו אַ שטעג און וועג,
ביז עס וועט טויט באַזייטיקן פון לעבן,
און ביז עס וועט פאַרוואַנדלען נעכט אין טעג...

**פאָלק:**

מיר וועלן טאָן וואָס משה וועט באַפעלן!...

**משה:**

משה באַפעלט ניט מער,
דאָס בלוט אייערס באַפעלט,
דאָס בלוט וואָס האָט דערהערט דעם רוף פון וועלט,
וואָס וויל אין זיך אַריינקוקן און זיך דערקענען,
דורך זיך צו לויטערקייט פון גאָט געגענענען...
געזעץ פון זעקס — דער פּלאַן פון דער יצירה,
זעקס טויזנט יאָר פון פּיין — דער וועג צו גאָט...
דאָס קערענדל וואָס ליגט אין וואָרט וועט פירן
דעם גראַדן וועג דורך פעלקער צום אחד...
דער מענטש באַשטייט פון גייסטיקייט און חומר,
פון שוואַרצער ערד געמישט מיט העלסטן ליכט;
און וואַקסן דאַרף ער שטאָלץ אַזוי ווי בוימער,
און וואַרימען ווי זון דאַרף זיין געזיכט,
די רייד און טואונגען — געזאַנג פון שטערן...

**פאָלק:**

מיר וועלן טאָן...
מיר וועלן טאָן און הערן!...

משה:

ס'איז אייך באַשערט אין לעבן צו אַנטפּלעקן,
די טרייב־קראַפט וועלכע לאָזט ניט רוען מער,
דעם אייביקן א י ך ב י ן, די אומרו וואָס דאַרף וועקן,
דורך טראָפּן בלוט, דורך פּיין, דורך צער, דורך טרער...
גאָט זינגט אין גרעסטע און אין קלענסטע זאַכן,
אין אדומס שווערד, אין ווערימלס געבעט;
דאָס וואָרט, פון אדומס שווערד, דאַרף אַקער מאַכן,
פון מואבס פּייל — א האַמער, און עס וועט...
די העכסטע פרייד מוז דורכן טרויער קומען,
דורך פינצטערניש — דער וועג צום העלסטן שיין...
אַז וואויל צום אויער איז וואָס האָט פאַרנומען
אין טראָפּן בלוט די אייביקייט פון זיין...
אָ, ברידער, ברידער, ס'איז אייך באַשערט צו טראָגן
דער וועלט, דעם אמת אירן — דעם אחד,
די גרויסע פרייד... וואָס וועט איר ברידער זאָגן
צו אייער איינן בלוט... צום וואָרט פון גאָט?...

פאָלק:

מיר וועלן טראָגן ביז צו דעם יסוד,
ביז עס ווייזט זיין לויטער פּנים אונז דער סוד...

משה:

כ'נעם צו פון אייך די מורא מיט מיין שטאַרבן,
איצט זייט איר לויטער יונגט, גלויבן, גייט!...
מיט ליכט פון אמת וועט איר לעבן פאַרבן,
מיט ליכט פון וואָרט באַלייכטן סוד פון טויט...
(צווישן דעם פאָלק און משהן לאָזט זיך אַרונטער אַ געדיכטער נעבל ווי אַ ליכטיקער שלייער. דאָס פאָלק זעט מער ניט משהן. דורכן נעבל נעמט זיך דורכזעצן די זון)

קול:

(ווי פון נעבל אַרויס)
דער וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד...
דער וועג פון זון...

**פּאָלק:**

(הויבט אָן מאַרשירן מיט געזאַנג אין דער ריכטונג וואו די זון גייט אויף)

אָ, וואונדער, וואונדער, וואונדער,
האָט גאָט מיט אונז געטאָן;
משה איז אין נעבל פאַרשוואונדן
און אויפגעגאַנגען איז זון...

(דאָס געזאַנג ווערט לאַנגזאַם פאַרשוואונדן, הינטער די בערג)

(דער נעבל הויבט זיך אויף און אַנטפּלעקט משהן אַליין אויפן באַרג)

**משה:**

פון וואַנען דאָס געזאַנג, פון מענטשן, צי פון בערג?

**קול:**

ביידע זינגען דאָס זעלביקע געזאַנג...

**משה:**

וואו בין איך?

**קול:**

וואו ס'גייט דער מענטש,
דאָרט וואו ס'באַגעגענען זיך טויט מיט לעבן,
אין וואָרן לאַנד פון אייביקן געדאַנק...
און ווייל האָסט איינגעוויליקט פאַרן פּאָלק צו שטאַרבן,
וועט ווי די זון דיין נאָמען אויפגיין פון דעם אָרט;
און ס'וועט די וועלט, עס וועט דער מענטש דיך אַרבן,
און אויסלייזן וועט אים דער אמת פון דיין וואָרט...

**משה:**

אָ, קול, וואָס ביזטו? ווער?

**קול:**

זע, פאַרנעם, און הער...

( פ אָ ר ה אַ נ ג )

# געבורט פון מענטש

געשטאַלטן :

| | |
|---|---|
| בעטלער | ישו |
| משוגענער | קול |
| הענדלער | אַלטער מאַן |
| בירגער | אַלטע פרוי |
| זעלנער | קול פון נביא |
| אויסרופער | לץ |
| קעניג | כהן גדול |
| קעניגן | סאַלאָמע |
| חנניה | פּילאַטוס |
| ירמיהו | פּוילוס |

המון

(אַ גרויסער אָפענער פּלאַץ. אינמיטן שטייט אַ מזבח. פון מזבח ציט זיך אַ דינער , ווייסער רויך. אין הינטערגרונט זעען זיך פּאַלאַצן. אויף איין זייט זעט זיך אַ טעמפּל מיט גאָלדענע קופּאָלן. אויפן צווייטן זייט, זעט זיך אַ קעניגלעכער פּאַלאַץ. פרימאָרגן. עס נעמען זיך באַווייזן קליינ־הענדלער מיט פאַרשידענערליי זאַכן. אַ גרופּע בעטלער שטייט באַם אַריינגאַנג צום מזבח)

**ערשטער בעטלער :**

(מיט אַ האַלב־וויינענדיקן קול)

...האָט שמואל געזאָגט אַלע ווערטער פון גאָט

צו דעם פאָלק וואָס האָט פאַרלאַנגט אַ מלך :

אייערע זין וועט ער צונעמען און ער וועט זיי פאַרטאָן פאַר זיך,
באַ זיין רייטוואָגן און באַ זיינע פערד און זיי וועלן לויפן פאַר זיין
רייטוואָגן.
און ער וועט זיי זיך מאַכן פאַר הויפּלייט פון טויזנט,
און הויפּלייט פון פופציק, אויף צו אַקערן זיין ערד,
און צו שניידן זיין שניט, און צו מאַכן זיינע כלי מלחמה.
און אייערע טעכטער וועט ער צונעמען
פאַר קעכנס און פאַר בעקערנס.
אייערע בעסטע פעלדער און וויינגערטנער
וועט ער אָוועקשיינקען צו זיינע קנעכט.
פון אייערע זאָמען וועט ער נעמען מעשר
און אָוועקשיינקען צו זיינע הויפדינער.
און איר וועט שרייען אין יענעם טאָג
פון אייער מלך וואָס איר האָט אייך אויסדערוויילט,
און גאָט וועט אייך ניט ענטפערן אין יענעם טאָג...

**צווייטער בעטלער:**

די שטראָף פון גאָט איז האַרב,
ווער וועט זיך איינשטעלן פאַר אונז און מילדערן זיין צאָרן?
אָ, משה, וואו ביזטו?

**ערשטע בעטלערן:**

יוכבד, מאַמע אונזערע, די שקלאַפן,
וואָס עס האָט דיין זון פון פּרעהס יאָך באַפרייט,
זיינען אומגליקלעך!...

**צווייטע בעטלערן:**

געווען שוין בעסער אונזערע עלטערן איבערלאָזן אין מצרים
צו שטאַרבן אונטער פּרעהס בייטש.
(שטרעקט אויס די האַנט צו אַ מאַן וואָס גייט צום מזבח תפילה טאָן)
פאַרשטיינערט איז ישראלס האַרץ געוואָרן...

**משוגענער:**

(באַווייזט זיך פון הינטערן מזבח. קומט צו צו די בעטלער)
ש... ש... ש... זאָגט קיינעם ניט אויס,

איך וועל אייך אנטפלעקן א סוד:
איך בין דער קעניג, איך היים און באפעל,
און אויסגעפירט ווערט אויפן שטעל,
מיין מלכה איז שיין און מיין מלכה איז גוט,
און ליב האט זי שווערדן און ליב האט זי בלוט,
און קעניגין וויל זי זיין איבער דער וועלט, —
האב איך א מלחמה באפעלט...

**ערשטער בעטלער:**

אוועק, משוגענער, אוועק פון דאנען!

**משוגענער:**

ווער וואגט זיך שטעלן מיר אנטקעגן?
אט היים איך שפאנען מיינע פערד און וועגן,
אט היים איך בלאזן אין טרומייטער,
און דו וועסט מיר דא ליגן באלד א טויטער...
הא—הא—הא—הא—
(פון אלע זייטן ציען מענטשן, און דער אפענער פלאץ הויבט זיך
אן אנצופילן, ווי אין א יום טוב טאג)

**קליינהענדלער:**

געטער צו פארקויפן... ביליג, געטער...
די הייליקע קאלב... דער הייליקער העלפאנט...
קויפט א גאט, און איר וועט געהאלפן ווערן...

**ערשטער בירגער:**

דער קעניג אליין וועט היינט זיך ווייזן פארן פאלק,
היינט וועט דער קעניג זיין דער כהן גדול,
און ער אליין וועט אויפאפפערן צו גאט אן אפפער,
אז גאט זאל בענטשן ישראלס שווערד.

**צווייטער בירגער:**

ישראלס שווערד וועט זיגן איבער אשור,
חנניה האט אויף דעם נביאות געזאגט אין טעמפל, —
אשור וועט צאלן צינז און רייך מאכן דאס לאנד.

**דריטער בירגער:**

דערווייל האָט מען מיר צוגענומען דאָס לעצטע פערד,
נעם אַקער מיט די הענט די ערד!

**ערשטער בירגער:**

האַלט ס׳מויל! לעסטער ניט דעם געזאַלבטן פון גאָט!

**דריטער בירגער:**

הם... דעם געזאַלבטן פון גאָט!...

(פאַרשווינדט צווישן המון)

**ערשטער זעלנער:**

אַשורס טעכטער, זאָגט מען, זיינען שיין,
און היים ווי פייער איז די ליבע זייערע...

**צווייטער זעלנער:**

אַשורס שווערד איז שאַרפער פון אַ בליץ,
און קיינמאָל, זאָגט מען, פאַרפעלט עס ניט צו טרעפן...

**ערשטער זעלנער:**

ישראלס גאָט פון אַשורס שווערד איז שאַרפער;
מיט אונז איז גאָט, דער גרעסטער פון די קריגער;
ישראלס שווערד האָט גאָט געשיקט זיין ברכה...

**צווייטער זעלנער:**

דער גאָט פון אַשור האָט אַשורס שווערד געבענטשט,
וועמעס ברכה איז שטאַרקער אויפן שלאַכטפעלד?

**ערשטער זעלנער:**

לעסטערסט גאָטס נאָמען... דו היט זיך בעסער!...

(עס דערהערט זיך דאָס שאַלן פון אַ טרומייטער. דער המון ווערט שטיל)

**אויסרופער:**

מאַכט פּלאַץ, מאַכט פּלאַץ, דער קעניג קומט!...

(דער המון צעטיילט זיך אין צוויי טיילן, איבערלאָזנדיק אין מיטן אַ ליידיקן פּאַס צום מזבח. אַ גרופּע זעלנער מאַרשירט פאַראויס. הינטער זיי טאַנצט דער נביא חנניה פאַר דעם קעניגס רייטוואָגן. הינטערן נביא פירט אַ גרופּע שקלאַפן אין אַ קעניגלעכן וואָגן דעם קעניג און די קעניגין. הינטערן קעניג גייען כהנים, הויפלייט)

**המון:**

זאָל לעבן דער קעניג!...
זאָל לעבן די קעניגין!...
זאָל לעבן דער נביא חנניה!...
(דער קעניג און די קעניגין זעצן זיך אַוועק אויף די טראָנשטולן
וואָס איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אויפן מזבח)

**אויסרופער:**

(בלאָזט אין טרומייטער)
דער נביא חנניה, דער מאַן פון גאָט,
וועט זאָגן דעם פאָלק נביאות!...

**חנניה:**

(שטייענדיק אויף די טרעפּ פון מזבח)
פריי זיך ישראל, דיין שטערן איז אויפגעגאַנגען,
דיין ליכטיקע שעה האָט געשלאָגן;
גאָט, דער אַלמעכטיקער, האָט זיך צו מיר באַוויזן,
און געשיקט מיך אַזוי צו זאָגן:
אַ בונד אַן אייביקן האָב איך מיט דיר פאַרשניטן,
צוגעזאָגט דיך מאַכן פאַרן פאָלק פון דער וועלט;
האָב איך דיך רייך געמאַכט מיט שאָף און מיט רינדער,
און פרוכטבאַר געמאַכט די ערד פון דיין פעלד.
איך האָב גערעדט צו מואב און גערעדט צו אשור,
טויב זיינען זיי געווען און מיין וואָרט ניט געהערט;
האָב איך שטאַרק געמאַכט דיין האַנט, און דיין לייב באַפּאַנצערט,
און האָב דיר געגעבן אין דער האַנט אַ שווערד.
איך האָב דיר געשיקט מיינע געזאַלבטע קעניגן,
זיי זאָלן דיך פירן אויף דעם וועג צו גאָט;
מואָב און אשור וועל איך צו דיר אונטערטעניגן,
דו זאָלסט מיט זיי לערנען גאָטס געבאָט...

**המון:**

לויב דעם קעניג!... לויב דער קעניגין!...
לויב דעם נביא!...

**חנניה:**

פריי זיך ישׂראל, דיין טאָג איז געקומען,
מיט מוט און געזאַנג צום הייליקן קריג;
דער קעניג אַליין וועט היינט דעם קרבן שעכטן,
און בענטשן דאָס פאָלק מיט אַ זיכערן זיג...

**המון:**

מיט מוט און געזאַנג צום הייליקן קריג!...

**קול:**

(פון צווישן המון)
ליגן זאָגסטו!... אומגליק ברייננגסטו!...

**חנניה:**

ווער וואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן גאָטס געזאַלבטן
און זיין נביא?!

**ירמיהו:**

(שטופּט זיך דורך דורכן המון)
איך!... ירמיהו!...

**חנניה:**

ווער ביזטו?... ווער האָט דיך געשיקט?...

**ירמיהו:**

דאָס פאָלק בין איך!...
מיך האָט געשיקט דער,
וואָס האָט אין מדבר אויסגעקריצט:
לא תרצח!...
(צווישן המון ווערט אַ טומל)

**חנניה:**

משוגענער!... טראָג זיך אָפּ,
איידער דאָס פאָלק באַגייט אַ מאָרד!...

**שטימען פון המון:**

וואַרפט אים אַרונטער!... שטעכט אים דורך דאָס האַרץ!...
אַ בייזער נביא איז ער!...

אַנדערע שטימען:
פון די בני הנביאים איז ער!...
זאָל ער רעדן!...

ירמיהו:
אָ, הערט דאָס וואָרט פון גאָט, אַזוי צו זאָגן:
אַ בונד אַן אייביקן האָב איך מיט אייך פאַרשניטן,
איר זאָלט גאָטס וואָרט פאַנאַנדערטראָגן צו די פעלקער מיינע;
איר האָט אַ שבועה געשוואָרן אינם מדבר,
און איר האָט די שבועה אייערע געבראָכן;
אַ זייל אַ ליכטיקן האָב איך פאַר אייך געצונדן: „לא תרצח—"
און איר האָט אים מיט שאַרף פון שווערד צעבלוטיקט;
איך האָב אייך סוד אַנטפּלעקט אין וואָרט: „א י ך ב י ן"...
און איר האָט אויפגעשטעלט צוריק דעם עגל;
איך האָב מיט לעבן אייך געבענטשט: „לא תחמוד!"
און אויסגעביטן האָט איר עס אויף טויט;
אַ פאָלק פון פרייע האָב איך אייך געמאַכט,
און איר האָט זיך אַ קעניג אויסגעקליבן...

שטימען פון המון:
פאַראַט!... פאַרוואָס שווייגט מען אים!...
פאַרוואָס לאָזט מען אים רעדן!...

אַנדערע שטימען:
ריכטיק!... גאָטס וואָרט רעדט ער!...

חנניה:
ער איז געווירט... דעם קעניג לעסטערט ער...
און דורכן קעניג גאָט און אויך זיין נביא!
אשור מוז דאָס וואָרט פון גאָט דערהערן,
נאָר אשורס שווערד איז שאַרף,
ישראלס שווערד איז אָבער שאַרפער...
נעמט אים אַוועק!...
(מען שלעפּט ירמיהון אַרונטער)

**המון:**

אַשור מוז דאָס וואָרט פון גאָט דערהערן! ...

**חנניה:**

איצט וועט דער קעניג בענטשן דאָס פאָלק,
די קעניגין וועט אים היילינן מיט דעם היילינן שווערדן־טאַנץ.

**קעניג:**

(הויבט אויף די הענט ווי אַ כהן גדול)
איך בענטש דיך פאָלק צום הייליקן קריג,
דיין בלוט איז געהייליקט און דיינער דער זיג.
(די קעניגין לאָזט זיך אַוועק אין אַ שווערדן־טאַנץ)

**המון:**

צום הייליקן קריג אין גאָטס נאָמען ...

**קול:**

(פון המון)
לא תרצח! ...
(פאַרהאַנג פאַלט. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף זעט זיך אַ באַרג, ווי אין בילד פינף. אויפן באַרג שטייט אַ געשטאַלט, שטאַרק ענלעך אויפן יונגן משהן. אין הינטערגרונט זעט זיך די שטאָט ירושלים)

**ישו:**

וואָס ווילסטו פון מיר?
איך בין דאָך שוין געשטאָרבן איינמאָל.

**קול:**

ביזט געשטאָרבן ניט מיט דיין אייגענעם ווילן,
איך האָב אויף דיר דעם טויט אַרויפגעצוואונגען,
ווי דו האָסט אַרויפגעצוואונגען אויף זיי דאָס וואָרט ...
דיין טויט האָט אוועקגענומען פון זיי די מורא פאַרן לעבן,
דו דאַרפסט אוועקנעמען פון זיי די מורא פאַרן טויט ...
האָסט אַנטפּלעקט דערוויל איין טייל פון גאָט — זיין נאָמען;
זיין קערפּער, דער מענטש, איז רייף און וויל געבוירן ווערן ...

**ישו:**

ווי וועט געבוירן ווערן דער מענטש?

**קול:**

ווי ס'איז געבוירן גאָט — דורך טויט...

**ישו:**

האָסט זיי געגעבן אַ געבאָט: לא תחמוד!
און האָסט אין זייער הארצן גלוסטונג איינגעפלאַנצט;
האָסט זיי געגעבן אַ געבאָט: לא תרצח!
און האָסט אין זיי פאַרפלאַנצט די רייץ פון שווערד...
פאַרוואָס די צוויי־געשטאַלטיקייט?

**קול:**

די צוויי־געשטאַלטיקייט איז איין געשטאַלט,
ווי קאָפּ און הארץ, ווי מענטש און גאָט;
זיי האָבן מיטן קאָפּ פאַרנומען דאָס געבאָט,
דאָס הארץ איז אָבער נאָך געבליבן קאַלט...
ס'איז וואָרט געוואָרן טעמפּל, קרבן און געזאַנגען;
און ווערן דאַרף עס זון, און ווערן דאַרף עס ערד;
און ווייל עס איז דאָס וואָרט צום הארץ נאָך ניט דערגאַנגען,
האָט אויפקומען געמוזט די גלוסטונג נאָך דער שווערד...
נאָר פּונקט ווי נאַכט געבערט דאָס ליכט פון שטערן,
אַזוי וועט שווערד דאָס ליכט פון וואָרט אין הארץ געבערן...
זיי שפּילן זיך מיט שווערד און וואָרט איז וואָס זיי ווילן,
זיי הונגערן נאָך ליכט, גיי, העלף דעם הונגער שטילן...

**ישו:**

ווי וועט מיין קול צו זייער אויער נרייכן?

**קול:**

גיי, רעד צום אָרימאַן, צום אַקערער, צום בויער,
צום שוסטער און צום שמיד, צום בעטלער און צום קנעכט;
צו דעם, וואָס זיינע טעג פאַרגייען אים אין טרויער,
צו דעם, וואָס שטומע וואונדן זיינען אים די נעכט.
שטעל קעגן שווערד דאָס וואָרט פון ליכטיקייט און גלויבן,
און קעגן חומר שטעל די זוניקייט פון מוט;
און דיר וועט זיין באַשערט דעם מענטש צו גאָט דערהויבן,
און בענטשן וועסטו אים מיט ברכה פון דיין בלוט...

**ישו:**

(אין עקסטאַז, נעמט אַרומערגיין פון באַרג)

און דיר וועט זיין באַשערט דעם מענטש צו גאָט דערהויבן,

און בענטשן וועסטו אים מיט ברכה פון דיין בלוט...

(פאָרהאַנג פאַלט. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, אַנטפּלעקט זיך אַן אָפענער פּלאַץ. אין מיטן פּלאַץ אַ מזבח ווי אין אַ גהויב בילד. באַם מזבח שטייט אַ געזעמל, מענער, ווייבער און קינדער)

**אַלטער מאַן:**

. . . און גאָט האָט געזאָגט צו דעם נביא, אַזוי צו זאָגן;

צען געבאָט האָב איך אייך געגעבן, וואָס איר האָט געשוואָרן אָפּצוהיטן,

און איר האָט די שבועה געבראָכן און מיין נאָמען געמאַכט צו שפּאָט;

ליכט האָב איך אייך געגעבן, און אייך האָט געצויגן צו פינצטערניש,

ווי נעיאַנטע זענט איר אַנטלאָפן פון דעם פּנים פון גאָט.

מזבחות האָט איר אויפגעשטעלט אויף צו שעכטן רינדער,

צו מיינע נאָזלעכער שיקט איר דאָס גערוך פון בלוט;

און טויב זיינען אייערע אויערן צו דעם געוויין פון קינדער,

צום געוויין פון אָרימאַן אונטער אייער גאָלדענער רוט.

אין די פוסטריט פון די פעלקער זענט איר אַוועקגעגאַנגען,

אָנשטאַט צו זיין פאַר די פעלקער אַ זייל פון ליכט;

צו דער מאַכט פון דער שווערד האָט איר געזונגען געזאַנגען,

האָב איך אָפּגעקערט דערפאַר פון אייך מיין געזיכט...

**אַלטע פרוי:**

משה, וואו ביזטו? דערבאַרים זיך אויף אונז!

שטיל איין גאָטס צאָרן!

**אַן אַלטער מאַן:**

דעם וועג צו גאָט באַוויז!...

**אַלטער מאַן:**

. . . איך האָב אייך געשיקט מיינע נביאים, און איר האָט זיי פון זיך געטריבן,

מיט די ליפּן האָט איר מיך געלויבט, און אייער האַרץ איז שטום געבליבן;

וואָס איך האָב פאַרבאָטן, האָט איר געטאָן;
אומרעכט איז געוואָרן רעכט;
האָב איך באַשטימט פאַר אייך האַרן,
און געמאַכט פון אייך קנעכט...

**פרוי:**

ווער וועט באַפרייען? ווער וועט אויסלייזן?

**שטימען:**

ווער וועט באַפרייען?...
ווער וועט אויסלייזן?...

**אַלטער מאַן:**

...און אַז די ליידן אייערע וועלן גרייכן צו אַ ברעג,
און די ליידן וועלן די הערצער אין אייך דערוואַרימען,
וועל איך זיך אויף אייך, ווי אויף קינדער, דערבאַרימען,
און זיין וועט עס זיין אין סוף פון די טעג:
מיין זון וועל איך שיקן, וואָס וועט אייך אומאַרמען,
און ער וועט אייך פירן דעם ריכטיקן וועג...

**אַלטע פרוי:**

די ליידן פליסן שוין דעם ברעג אַריבער,
פון הונגער שטאַרבן קינדער, אַלטע לייט;
דערבאַרים זיך אויף אונז, אַ גאָט, דו ליבער,
שיק דיין געזאַלבטן זון צו אונז אין צייט...

**שטימען:**

דערבאַרים זיך אויף אונז, אַ גאָט, דו ליבער,
שיק דיין געזאַלבטן זון צו אונז אין צייט...

**אַלטער מאַן:**

...און דער נביא האָט געזען, און דער נביא האָט פאַרנומען,
די צייט און דאָס ליכט פון דעם הימלישן רייך;
נאָענט איז דער טאָג ווען משיח וועט קומען,
און פירן אונז אַלע אין גאָטס קעניגרייך...

**מאַן:**

וואָס רעדסטו, אַלטער?

**אַלטער מאַן:**

איך רעד דאָס וואָס איך ווייס, און וואָס מיר זאָגט דאָס האַרץ...

**מאַן:**

דו ווייסט?... פון וואַנעט ווייסטו דאָס?

**שטימען:**

פון וואַנען?... זאָג!...

**אַלטער מאַן:**

כ׳האָב אים געזען אין חלום, און נאָכדעם אויף דער וואָר,
די שכינה אויף זיין פנים, און זון אין זיינע האָר;
נאָך אים זיינען געגאַנגען די אָרימקייט, די נויט,
פון איין זייט מלאך לעבן, פון צווייטן — מלאך טויט.
געזונגען האָבן אַלע, די פרייד האָט הויך געשאַלט,
און איבער טויט און לעבן גאָטס פנים האָט געשטראַלט...

**שטימען:**

וואו איז ער?... ווען וועט ער זיך ווייזן?...

**אַלטער מאַן:**

צווישן אונז איז ער, איז אָבער נאָך פאַרבאָרגן,
עס איז אים נאָך פאַרבאָטן אַנטפּלעקן זיין געזיכט;
נאָר קוים פאַרגייט די נאַכט, און ס׳רוקט זיך אָן דער מאָרגן,
אזוי וועט ער צו אונז זיך ווייזן מיטן ליכט...

**אַלטע פרוי:**

זיין אָנזאָגער דאַרף זיין דער נביא אליהו...

**אַלטער מאַן:**

זיין אָנזאָגער וועט זיין דער נביא אליהו...
(דער אַלטער רוקט זיך אַרויס און פאַרשווינדט הינטערן מזבח)

**מאַן:**

ווער ביזטו, אַלטער?
(קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן. זוכט דעם אַלטן)
וואו איז ער?... אליהו!...
צווישן אונז איז געווען אליהו!...

משיח קומט!... משיח קומט!...
גאָט רופט די קינדער פון ישראל!...
משיח קומט!...

**שטימען:**

משיח!... משיח!...
דער סוף פון די טעג!...
משיח, קום ווייז אונז דעם ריכטיקן וועג!...

**מאַן:**

(לויפט אַרויס אויפן מיטן פּלאַץ)
אידן, צווישן אונז איז אליהו!...
צווישן אונז איז משיח!...
(פון אַלע זייטן קומט צעלויפן המון)

**שטימען:**

משיח קומט!... משיח קומט!...
(געוויין פון ווייבער, קינדער, טומל)
(דאָס בילד בייט זיך: עס אַנטפּלעקט זיך דעם קעניגס טראָן־צימער. דער קעניג שפּאַנט אַרום הין און צוריק. שטעלט זיך אַלע ווײַלע אָפּ. הערט זיך איין. ווי פון אונטער דער ערד הערט זיך אַ שוואַכער געזאַנג).

**קול פון נביא:**

...פרייד ווערט געבוירן דורך טרויער,
געזאַנג ווערט געבוירן דורך פּיין,
דאָס ליכט פון גאָטס וואָרט טוט דערהויבן,
און פאַרשיכורט ווי שטאַרקער וויין,
ניט מאַכט און ניט גאָלד און פּאַלאַצן,
ניט רום, און ניט זיג פון דער שווערד;
דאָס ליכט פון גאָטס וואָרט און זיין ליבע,
וועט זיגן אויף דער ערד...

**קעניג:**

הער אויף צו זינגען, זאָג איך!
(אויף די געשרייען לויפט אַריין דער לץ)

**ליץ:**

(קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן)

מיט וועמען רעדט מיין האַר?

**קעניג:**

ליץ!

**ליץ:**

וואָס באַפעלט מיין האַר און קעניג?

**קעניג:**

האָסט געהערט אַ געזאַנג פון אונטן, פון קעלער?

**ליץ:**

עס חלומט מיין האַר און עס דאַכט זיך אים אויס,
מיין האַר איז צופיל אין געדאַנקען פאַרטאָן,
קיין גוטס קומט פון דעם ניט אַרויס...

**קעניג:**

קום, ליץ, און פאַרטרייב די געדאַנקען פון מיר,
דערציי̈ל מיר אַ מעשה אַזוי ווי דו קענסט.

**ליץ:**

... . געוועזן באַ אידן אַ קעניג שאול,
און ער איז געוועזן אַ מאַן פון גאָט;
ער האָט געזייט און ער האָט געאַקערט,
צוגלייך מיט זיין פאָלק געהיט דאָס געבאָט.
איינמאָל ווען דער קעניג איז אַ מידער געשלאָפן,
קומט אַ חלום צוגיין צו אים באַ דער נאַכט:
עס פאַסט ניט אַ קעניג צו זיין אַ פויער,
ווער קעניג!... נעם און נוץ אויס דיין מאַכט!...
דער קעניג שטייט אויף און הייסט בלאָזן טרומייטן,
און שלוחים צעשיקט ער איבער גאָרן לאַנד,
און אָנזאָגן הייסט ער צום קריג זיך גרייטן,
זיך לערנען האַלטן אַ שווערד אין דער האַנט.
דער נביא שטראָפט, און דער נביא וואָרנט:
אין פרידלעכער אַרבעט גאָטס ברכה רוט;

דער קעניג איז בייז און דער קעניג צאָרנט:
עס ווייס דער קעניג וואָס ער טוט!
פון הארצווייטיק איז דער נביא געשטאָרבן,
און גאָט האָט זיין פנים אָפּגעקערט;
דאָס פּאָלק איז צום פּלישתי אַ קנעכט געוואָרן,
און שאול איז אַרויפגעלאָפן אויף דער שווערד...

**קעניג:**

לץ, ווי וואַגסטו?!...
בא גאָט, איך שטעך דיר דורך
דאָס לעצעוואַטע הארץ!...
(כאַפּט זיך צו דער שווערד)

**לץ:**

וואָס צאָרנט מיין קעניג?
וואָס צאָרנט מיין האר?
איך בין דאָך ניט מער ווי
אַ לץ און אַ נאַר.
איך האָב דאָך ניט מער ווי
אַ מעשה דערציילט,
דער קעניג זאָל ווערן
פון אומרו געהיילט.

**קעניג:**

איידער איך באַגיי דאָ אַ מאָרד
פאַרנעם זיך פון דאַנען, דו הונט!
(דער לץ קריכט אַרויס אויף אַלע פיר. עס קומט אַריין דער כהן גדול)

**כהן גדול:**

וואָס חלומט מיין קעניג דאָ איינער אַליין?

**קעניג:**

קום אהער, קאיאפא!
וואָס טוט ער אין קעלער?

**קאיאפא:**

ער ליגט האַלב פאַרחלשט פון הונגער.

**קעניג:**

איך האָב געהערט אַ געזאַנג פֿון דעם קעלער אַרויס...

**קאַיאַפאַ:**

דו חלומסט, אָ קעניג, עס דאַכט זיך דיר אויס,
האָסט גאָר ניט געהערט און פאַרנומען;
היים קומען די שפּילער, דערלאַנגען דעם ווייַן,
דער פּרינצעסן סאַלאָמע היים קומען.

**קעניג:**

שוין דאָרשטיק דערפּיל איך מיין גומען;
קאַיאַפאַ, דיין נאָמען איז פרייד!
(שרייט אויס הויך אויפן קול)
וואו ביזטו, סאַלאָמע, דו געטין?
איך בענק נאָך דיין דורכזיכטיק קלייד!...
(עס קומען אַריין טענצערנס, שפּילער, דינער מיט טאַצן, הויפלייט.
די סביבה נעמט אָן דעם כאַראַקטער פון אַ באַל. ווען אַלע זיינען
שיכור, לאָזט זיך סאַלאָמע אַוועק אין אַ טאַנץ)

**קעניג:**

(שיכור)
סאַלאָמע, שיין ביזטו ווי די זון,
מיין האַרץ, סאַלאָמע, צו דיר איך טראָג;
איך גיב פאַר דיין ליבע וואָס דיין האַרץ נאָר גלוסט,
וואָס ווילסטו, סאַלאָמע, וואָס ווילסטו, זאָג?

**סאַלאָמע:**

אָ קעניג, מיין קעניג, אָ קעניג מיין האַר,
איך וויל דעם קאָפּ פון דעם הייליקן נאַר...

**קעניג:**

(צו איינעם פון די זעלנער)
אורי!

**אורי:**

מיין האַר!

**קעניג:**

גיי ארונטער אין קעלער, דו ווייסט דאָך דאָס פּלאַץ,
ברייננ דעם קאָפּ פון דעם הייליקן נאר אויף א טאַץ!

**שטימען:**

(פון דרויסן)
משיח קומט!... משיח קומט!...
(דאָס בילד בייט זיך: עס אַנטפּלעקט זיך דער אָפענער פּלאַץ, ווי פריער אינם בילד. אויף די טרעפּ פון מזבח שטייט ישו הנוצרי און רעדט צום המון וואָס פילט אָן דעם אָפענעם פּלאַץ)

**ישו:**

...און משה האָט געהערט, און משה האָט פארנומען,
און אַנטפּלעקט דעם סוד פון לעבן און טויט;
און איר האָט דאָס ליכטיקע וואָרט גענומען
און האָט אים אין טעמפּל אַריינגעבויט.
כהנים האָט איר געזאַלבט,
זיי זאָלן אייך פאר גאָט פארטרעטן,
און גאָט דער ליכטיקער לעבט אין אייך אַליין;
דאָס גראָז און די פייגל קענען גאָט אַליין בעטן,
און עס דאַרף קיין פארמיטלער ניט דער שטיין.
גאָט האָט אייך זיין פּנים אַנטפּלעקט,
און האָט עס אין וואָרט פארשריבן,
וואָס איז מעכטיקער ווי דער שטראָם פון מעכטיקסטן טייך, —
און איר האָט זיך א קעניג אויסגעקליבן,
וואָס האָט אייך צעטיילט אין אָרים און רייך.
אין תפילה צו גאָט טוט איר זיך אין דרייען בויגן,
און די גלוסטונג אייערע איז נאָך דער שווערד;
צום הימל האָט איר געווענדט אייערע אויגן,
און פארגעסן די ברכה פון דער ערד...

**שטימען:**

ריכטיק!... ווי א נביא רעדט ער!...
רעד ווייטער, שליח פון גאָט!...

**אַנדערע שטימען:**

ווער איז ער, וואָס ער שטראָפט אונז? ...
פון וואַנען שטאַמט ער? ...

**ישו:**

אַ מעשה פון גאָלד האָט איר גענומען וועבן,
און איר האָט עס באַשטימט פאַר מאָס און פאַר וואָג;
גאָלד איז בא אייך געוואָרן הייליקער פון לעבן,
און ליכטיקער ווי דאָס ליכט פון טאָג.
מענטש איבער מענטש איז האַר געוואָרן,
און טויב זיינע אויערן צום געוויין פון קינד;
און מענטש, אין געשטאַלט פון גאָט, איז געבאָרן,
פריי צו זיין, ווי פייגל אין ווינט...
אָ, מענטש, וואָס דיין נאָמען, ווי גאָטס, איז הייליק,
ענטפער דעם רוף וואָס דיין בלוט האָט דערהערט;
די שיינקייט פון גאָרער ערד איז דיין חלק,
דיין גורל: גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד...

**שטימען:**

דער מענטשנזון איז ער! ...
בן אדם זיין נאָמען! ...
דער נביא דניאל האָט נביאות געזאָגט וועגן אים! ...

**שטימען:**

משיח! ... בן דוד! ... געזאַלבטער פון גאָט! ...
פיר אונז צו אים... צום אחד! ...

**אַנדערע שטימען:**

אַ לעסטערער איז ער! ... גאָטס נאָמען פאַרשוועכט ער! ...
וואָס לאָזט מען אים רעדן?

**ישו:**

... צום אַקערער רעד איך, צום שמיד און צום בויער,
צו איר, וואָס איר קערפּער ווינט אונטערן קלייד,
צו אים, וואָס זיין לעבן איז אייביקער טרויער, —
קומט אַלע און נעמט זי, ס'איז אייער די פרייד...

ס'איז אייער די זון און דאָס ליכט און די פאַרבן,
אַזוי שטייט געשריבן אין משהס געבאָט;
אַ, לערנט זיך אויס פאַרן לעבן צו שטאַרבן,
און איר וועט דערלייזן אי זיך און אי גאָט...

**שטימען:**

מלך משיח!... דער סוף פון די טעג!...

(טומל, געשריי, פריידיקער געוויין. בעטלער, אָרימעלייט, יונגע און אַלטע וואַרפן זיך איינע די אַנדערע אויף די העלדזער, לאָזן זיך אַוועק טאַנצן. פּלוצלינג קומט אָן אַן אָפּטיילונג זעלנער און נעמט שטויסן דעם באַגייסטערטן המון אין אַלע זייטן. עס געלינגט זיי אָפּצוראַמען אַ וועג גלייך צו די טרעפּ פון מזבח. ווי צוויי ריי זיילן שטעלן זיך די זעלנער אויס אויף ביידע זייטן. עס קומט אָן פּילאַטוס און גייט מיט געמאָסטענע טריט צום מזבח, בלייבט שטיין אַנטקעגן ישון)

**פּילאַטוס:**

ווער ביזטו?!

**ישו:**

מיין נאָמען איז מענטש.

**פּילאַטוס:**

זיי האָבן דיך קעניג גערופן.
ביזט קעניג פון וואָס פאַר אַ לאַנד?

**ישו:**

מענטש איבער ערד איז קעניג.

**פּילאַטוס:**

דער קעניג איז צעזאַר,
זיין טראָן איז די ערד!...

**ישו:**

צעזאַר איז קעניג דורך מאַכט פון דער שווערד —
דאָס וואָרט אויפן באַרג, וואָס ס'האָט משה דערהערט,
איז קעניג, ווייל מענטש איז זיין נאָמען,
און ער האָט זיין ליכטיקן זאָמען

ווי זון און ווי שטערן פאַרזייט...
זיין נאָמען איז אייביק לעבן,
דער נאָמען פון צעזאר איז — טויט.

**המון:**

משיח!... די רייד פון משיח!...

**פּילאַטוס:**

וואגט אויסרופן נאָכאמאָל מאָכן,
און איר וועט באַצאָלן מיט קעפּ!
(צו ישו)
די רייד דיינע, דיך האָבן פארמשפּט,
וועסט שטארבן נאָך היינט אויפן קרייץ!

**ישו:**

כ'וועל לערנען דאָס פאָלק ווי צו שטארבן,
און לעבעדיק ווערן צוריק...
ביז עס צייטיקן ווערטער ווי גארבן,
און זינגען אין זוניקן גליק...
(עטלעכע זעלנער פירן ישו אַוועק)

(דאָס בילד בייט זיך: עס שטעלט איצט מיט זיך פאָר דעם זעלבן גרויסן פּלאַץ ווי פריער, מיטן מזבח אינדערמיט. אויף די טרעפּ פון מזבח שטייט פּוילוס און רעדט צום המון)

**פּוילוס:**

...און אז דער שבת איז אַוועק,
און די שטערן האָבן אויפגעלויכטן אויפן הימל,
און יוסף און די צוויי שוועסטער
זיינען געקומען נעמען זיין קערפּער
און טאָן אים זיין רעכט,
האָבן זיי געפונען דאָס קבר־שטיבל אָפן,
און דעם שטיין פארן אריינגאַנג אָפּגערוקט,
און אַ ליכטיקייט האָט געשטראַלט
ארום דעם פּלאַץ וואו ער איז געלעגן,
און דער פּאַס ליכטיקייט האָט זיך געצויגן

ביז צו די שטערן אין הימל;
דאָס איז דער וועג דורך וועלכן ער איז ארויף
צו גאָט, ברוך הוא,
צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ באַ זיין רעכטער זייט,
פון וואַנען ער וועט משפּטן די קינדער פון דער וועלט,
אין דעם טאָג פון משפּט...
אָ, פרייט זיך און זינגט, איר געבענטשטע פון גאָט,
ווייל זיין געזאַלבטן האָט ער אייך געשיקט,
און אייערע זינד פאַרגעבן,
מיט זיין טויט האָט ער אייך געהייליקט,
און אייך ווי קינדער געמאַכט,
און מיט זיין אויפשטיין אייך געגעבן אייביקן לעבן...
מקוים זיינען געוואָרן די רייד פון נביא:
— מיין זון וועל איך אַראָפּשיקן צו אייך אַהער,
און איר וועט אים ניט דערקענען,
און צו דער תליה וועט איר אים פירן,
און ער וועט אויפשטיין,
און איר וועט וויסן, אַז דאָס איז ער...
און טעמפּלען וועט איר אויפשטעלן אין זיין הייליקן נאָמען,
און איר וועט דינען צו אים,
און איר וועט זיין געטרייסט;
אייערס וועט זיין די מלוכה פון הימל,
און איר וועט וויסן, אַז גאָט האָט אייך אויסגעלייזט...
קורץ זיינען די טעג פון לעבן אויף דער ערד,
די מלוכה פון הימל, אָבער, איז פון אייביק ביז אייביק;
ווי צו דעם וואָס זיין מאַכט איז פון דער שווערד,
וואויל צו דעם וואָס אין דעם דערלייזערס נאָמען איז גלויביק...
דרום זאָג איך: דער וועג צו אים איז דורך תפילה,
אין אייער האַרץ נעמט אים אַריין,
און איר וועט זיין קעניגרייך דערגרייכן;
זיין וועג — דער וועג פון פיין און פון ווייטיקן שטילע,
זיין ליכט איז דאָס בלוט, און ליידן — זיין צייכן...

**המון:**

זיין ליכט איז דאָס בלוט, און ליידן — זיין צייכן,
דערלייזער, מיר האָבן דיין צייכן דערקענט;
מיר וועלן די קעניגרייך דיינע דערגרייכן...

**פּוילוס:**

דער צייכן — דער צלם אויף ליב מיט די הענט!...

**קול:**

(פון צווישן המון)
ניט הערט אים!... ניט הערט אים!...
זיין נאָמען איז ליגן!...

**פּוילוס:**

ווער וואַגט קעגן גאָט און זיין זון זיך צו שטעלן?!

**ישו:**

(שטופּט זיך דורך דורכן המון. לויפט אַרויף די טרעפּ פון מזבח. בלייבט שטיין אַנטקעגן פּוילוסן)
ווער האָט דיר דערלויבט אין מיין נאָמען צו רעדן?!

**פּוילוס:**

ווער ביזטו?

**ישו:**

כ׳בין ישו, וואָס איר האָט צום קרייץ צוגענאָגלט,
(שטרעקט אויס די הענט)
נאָ, זע, די סמנים בא מיר אויף די הענט.
(צום המון)
ניט ליידן, ניט תפילה, ניט מלוכה פון הימל,
איך האָב אייך גערופן צו ברכה פון ערד;
ווי משה האָב איך אייך גערופן צום אויפשטאַנד,
צום קאַמף קעגן הערשער, דער בייטש און דער שווערד.
איך האָב אייך גערופן צו שיינקייט פון לעבן,
און ניט צו די בלוטיקע אַנגסטן פון טויט;
פון ליב מיינס דאָס בלוט פאַרן לעבן געגעבן,

און בלוט איז ווי זון אזוי ווארים און רויט.
מיין רוף איז צום קאמף קעגן גאָלדענעם עגל,
דאָס גלויבן — דאָס ליכטיקע וואָרט פון געבאָט;
משיח איז — מענטש, וואָס איז פריי ווי א פויגל,
די ערד און איר שיינקייט — דער וועג צום אחד...

**פּוילום:**

משיח איז ישו, זיין נאָמען — דאָס גלויבן,
דער וועג דורכן הימל צום פאָטער, צו גאָט!...

**ישו:**

דער וועג דורך דער ערד, מיט דעם אמת, מיט אירן:
— לעבן און ליבע און פרייהייט און גליק;
אָט דאָס איז דאָס ליכט וואָס דאַרף לויכטן און פירן
דעם מענטשן צו גאָט איבער ערד ווי א בריק...
אָ, הערט אים ניט, הערט ניט, זיי נאָמען איז ליגן,
זיין תורה איז: קעניג און פריסטער און נויט;
ער וויל אייער הארץ, אייער מוח פארוויגן
מיט מעשה פון שכר אין דער קעניגרייך טויט!...
און שכר איז נאָר שכר ווען איר קריגט עס באַם לעבן,
טאָ וויסן זייט: אָרים און רייך אייער זינד!
און קיינער וועט אייך אָט די זינד ניט פארגעבן,
ביז וואַן איר צעשטויבט עס, ווי שטויב אינם ווינט...

**פּוילום:**

ער לעסטערט גאָטס נאָמען,
איר זאָלט אים ניט הערן,
ס׳האָט ישו מיט בלוט אייך פאַרגעבן די זינד;
אָ, גלויבט אין אים, גלויבט, און איר אַלע וועט ווערן
געבענטשט און געהייליקט און ריין ווי א קינד...

**המון:**

ער לעסטערט גאָטס נאָמען!...
פארטרייבט אים!...
פארשטיינט אים!...

**ישו:**

גלויבט ניט אין עגל, אין בלוטיקן קרבן!
לא תרצח, לא תחמוד, וועט מאַכן אייך ריין;
ניט משיח, אַ מענטש אויפן קרייץ איז געשטאָרבן,
אַ מענטש נאָר... משיח — דאָס זענט איר אַליין!...

**פּוילוס:**

ווער וועט באַשיצן גאָטס נאָמען
אַנטקעגן דעם לעסטערער דאָ?

**המון:**

מיר אַלע!... ער וועט מיט זיין לעבן
באַצאָלן פאַר לעסטערן גאָט!...
(פון המון נעמען פליען שטיינער געצילט אין ישון)

**ישו:**

וואָס טוט איר?!... (פאַלט אַנידער)

(דאָס בילד בייט זיך: דער פּלאַץ פאַרן מזבח איז אָפּגעליידיקט.
אויף די טרעפּ פון מזבח שטייט ישו איינער אַליין)

**ישו:**

זע, וואָס זיי האָבן געטאָן...

**קול:**

זיי האָבן געטאָן דאָס וואָס זיי האָבן געדאַרפט טאָן.
ווען גאָט איז געבוירן געוואָרן,
האָבן זיי מורא געהאַט פאַר אים;
זיי האָבן צייט געדאַרפט צו אים זיך צוגעוואוינען;
די פאָרשטעלונג פון אים איז רייף געוואָרן,
און רייפקייט קען ניט וואַקסן מער, מוז שטאַרבן,
און אויפקומען צוריק אין נייע פאַרבן,
און פון דאָס ניי זיך נעמען און געשטאַלטן;
איצט איז די צייט געקומען, ווען דאָס וואָס איז באַהאַלטן
אין זיי געלעגן, דער מענטש, זאָל אויפקומען, געבוירן ווערן,

און מורא האָבן זיי פאַר אים, ווי דאַן פאַר מיר...
זיי האָבן זיך צום הימל צוגעוואוינט, צו זון, צו שטערן,
די ערד האָסטו זיי ערשט אַנטפּלעקט,
זי איז פאַר זיי אַ נייע תורה;
זיי דאַרפן צייט אויף אויפצוהערן האָבן מורא
פאַר דער ערד...

ישו:

די ערד איז: ליבע, פרייהייט, גליק און פרידן, —
צי קען מען דאָס נאָך פּשוטער דערקלערן?
פאַרוואָס האָט זיי די פּשטות אויסגעמידן?
די קלאָרקייט ניט באַשערט געווען דערהערן?

קול:

זיי האָבן עס דערהערט, אין בלוט דעם ציטער אירן,
נאָר ס'איז דער וועג צו איר פאַרפּלאָנטערט און פאַרדרייט;
געזוכט פון צייט, אַזוי וויל די יצירה:
דורך בלינדן פּיין — אַנטפּלעקונג פון דער פרייד...
ס'בינדט פאַר דער צייט דער זייער ניט קיין גאַרבן,
און פאַר דער צייט קיין מוטער ניט געבערט;
זיי האָבן פאַר דעם הימל זיך געלערנט שטאַרבן,
איצט דאַרפן זיי זיך לערנען שטאַרבן פאַר דער ערד...

ישו:

ווי וועלן זיי דאָס טאָן?

קול:

איך וועל צעשפּרייטן זיי איבער דער וועלט, ווי שטערן,
פאַרזייען זיי צווישן פעלקער פון דער ערד;
ווייל זיי איז עס באַשערט געווען צו ווערן
דער זייל פון ליכט אַנטקעגן צלם און דער שווערד...
ווייל זיי איז עס באַשערט געווען אַנטפּלעקן,
דאָס ליכט וואָס מאַכט פון מענטש און גאָט — אחד;
זיי דאַרפן צו דעם ליכט די פעלקער וועקן,
ביז פאָלק וועט ווערן מענטש און מענטש ווערט גאָט...

**ישו:**

ווער ביזטו?
וואו האָב איך דיך געהערט?
דיין קול איז ווי געזאַנג,
און שאַרף דיין וואָרט, ווי שווערד...

**קול:**

איך בין געוועזן גאָט די אַלע יאָרן,
און איצט האָב איך געטרייפט, און איך בין מענטש געוואָרן.

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# די אָרימע מלוכה

## געשטאַלטן

| | |
|---|---|
| קול | בישאָף |
| יונגע פרוי | מאָנאַד יאָהאַן |
| אַלטער | גייסטלעכע |
| מאַן | זעלנער |
| פרוי | געשטאַלט פון דער |
| פירשט | שוואַרצער פעסט |

המון

(אַ גרויסע, ליידיקע געביידע ווי אַ פאַרלאָזענע קירכע. אויף די ווענט הייגגען אָפּגעריבענע הייליקע בילדער. אינעווייניק זיינען פאַרזאַמלט מענער, ווייבער, קינדער, אָנגעטאָן אין טראַנטעס. די פענצטער זיינען פאַרמאַכט מיט לאָדנס. עס ברענען עטלעכע ליכט און וואַרפן מוראדיקע שאָטנס איבער די ווענט און דיל. די פאַרזאַמלטע קניען צו די הייליקע בילדער, טוען תפילה, ציילעמען זיך)

**אַלטער:**
אָ, קריסטוס, וואָס מיט דיין טויט האָסטו אונז געהייליקט,
וואָס מיט דיין לעבעדיק ווערן האָסטו אונז אויסגעלייזט,
וואָס מיט דיין בלוט האָסטו פאַרגעבן אונזערע זינד,
ראַטעווע אונז פון דער שוואַרצער פעסט!...

**פאַרזאַמלטע:**

אַ, קריסטוס, דערבאַרים זיך אויף אונז!...

**אַלטער:**

אַ, מוטער, גאָטס, אַ שטעל זיך איין פאַר אונז,
זע, אונזערע לייבער פון הונגער אויסגעמאַטערט,
באַ אונזערע ווייבער פאַרטריקנטע די בריסט;
ווי קינדער זיינען מיר דאָך ריין פון זינד;
אַ מוטער, הייליקע, ווי קענסטו זען און שווייגן,
ווען דיינע קינדער שטאַרבן אויס פון הונגער,
פון וויטיקן און פון דער שוואַרצער פעסט!...

**פאַרזאַמלטע:**

אַ, מוטער, גאָטס, דערבאַרים זיך אויף אונז!...

**אַלטער:**

אַ, קריסטוס, מיר האָבן אָפּגעהיט דיינע געבאָטן,
פון גלוסטונג זיינען אונזערע נשמות ריין;
מיט טראַנטעס האַלטן מיר פאַרדעקט די לייבער,
און שלאָפן, שלאָפן מיר אויף האַרטן שטיין.
מיר בעטן דאָך ניט מער ווי ברויט צו זאַט מיט וואַסער,
און ראַטעווע אונז פון דער שוואַרצער פעסט...

**פאַרזאַמלטע:**

אַ, קריסטוס, דערבאַרים זיך אויף אונז...
(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר)

**קול:**

עפנט!... לאָזט אריין!...
עס יאָגט מיך נאָך די שוואַרצע פעסט...
(די פאַרזאַמלטע בלייבן פּלוצלינג שטיל)

**קול:**

האָט רחמנות, קריסטוס גלויביקע, רחמנות!...
לאָזט אריין...

**יונגע פרוי:**

מיין ברודערס קול!... מיין ברודער ראַטעוועט!...

**אַלטער:**

זײַ שטיל!... מען טאָר ניט עפענען די טיר!
די שוואַרצע פּעסט וועט אונז אַלעמען פאַרטיליקן...

**יונגע פרוי:**

מײַן ברודער!... מײַן יונגער ברודער!...
(לאָזט זיך צו דער טיר, עטלעכע מענער האַלטן זי אָפּ.
זי פירט אָן אַ פאַרצווייפלטן קאַמף און פאַלט אין אָנמאַכט)
אין נאָמען פון קריסטוס...
אין נאָמען פון דער הייליקער מוטער...
ראַטעוועט מײַן ברודער!...

**קול:**

אין נאָמען פון קריסטוס... עפנט... עפנ... עפּ...
(דאָס קול ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, ביז עס ווערט שטיל. די פאַרזאַמלטע קניען און טוען תפילה)

**יונגע פרוי** (היסטעריש):

מערדער! גיט מיר אָפּ מײַן ברודער!...

**אַלטער:**

לעסטער ניט! אזוי געוואָלט האָט קריסטוס...

**פאַרזאַמלטע:**

אָ, קריסטוס, פאַרגיב אונז אונזערע זינד!...

**מאַן:**

ראַטעוועט!... איך שטאַרב!...
(פאַלט אַנידער און נעמט זיך צאַפּלען אין טויט־אַנגסטן)

**פרוי:**

ראַטעוועט!... די שוואַרצע פּעסט!...
(פאַלט אַנידער און נעמט זיך צאַפּלען אין טויט־אַנגסטן)
(פון צווישן די פאַרזאַמלטע דערהערן זיך די זעלביקע אויסגעשרייען)

**אַלטער:**

צעפּראַלט די טירן!... לאָמיר לויפן!...
לאָמיר זיך ראַטעווען!...

**פאַרזאַמלטע:**

וואוהין זאָלן מיר לויפן?

די שוואַרצע פעסט אין דרויסן...

די שוואַרצע פעסט פון אינווייניק...

וואוהין זאָלן מיר לויפן?

**אַלטער:**

צום בישאָף... צו דער קאַטעדראַלע...

זאָל ער זיך איינשטעלן פאַר אונז!

זאָל ער אונז ראַטעווען!

**פאַרזאַמלטע:**

צום בישאָף... צו דער קאַטעדראַלע...

(דאָס בילד בייט זיך: אַ גרויסע קירכע, געבויט מיט קעניגלעכער רייכקייט. די בימע איז באַצירט מיט באַגילדעטע בילדער, לייכטער, קאַנדעליאַברעס. אינמיטן דער בימע שטייען באַגילדעטע ווייכע שטולן אין וועלכע עס זיצן דער בישאָף, מאָנאַכן, דער פירשט און הויפלייט).

**פירשט:**

זיי שטאַרבן אויס ווי פליגן.

עס שטעלט זיך שוין דער פרילינג,

ניטאָ קיין הענט גענוג די פעלדער צו פאַרזייען,

וואָס וועלן מיר טאָן, פאָטער?

**בישאָף:**

מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן,

נאָר איין זאַך מוז צוערשט דאָ ווערן קלאָר:

די העכסטע מאַכט באַלאַנגען מוז דער קירכע,

און איר זיך אונטערוואַרפן מוזן אַלע, ביז צום פירשט.

**פירשט:**

און ווי וועט זיין, אַז איך וועל זיך מיט זיי טיילן,

וועל גוט באַצאָלן, וועל געבן ברויט צו זאַט,

זיי וועלן קאָנען אָנטאָן זיך ווי מענטשן,

ווי מיינסטו? ס'וועט יעדער איינער אַרבעטן פאַר צען,

צי ניין?

**בישאָף:**

אויב עס לוינט זיך דיר, פּרוביר.
נאָר קום ניט צו דער קירך נאָך אַ הלוואה.

**פירשט:**

הם... נו גוט, מיר וועלן ביידע זיין די העכסטע מאַכט,
מיר וועלן הערשן ביידע, גלייך אויף גלייך.

**בישאָף:**

ניטאָ קיין גלייכהייט אויף דער ערד, דאָס ווייסטו,
דאָס ווייסן אַלע,
(צו די מאָנאַכן)
ניט אמת?
(די מאָנאַכן שאָקלען מיט די קעפּ)
פּונקט ווי אין הימל, מוז איינער זיין
די העכסטע מאַכט דאָ אויף דער ערד,
און איך בין נענטער צום הימל...

**פירשט:**

איך האָב אַ גוט־באַוואָפנטע אַרמיי מיט זעלנער!

**בישאָף:**

(נעמט דעם צלם פון דער ברוסט)
אָט דאָס איז שטאַרקער!...

**פירשט:**

נו, גוט, דיין עצה לאָמיר הערן.

**בישאָף:**

פּשוט: דער פירשט וועט פּאַסן אַ געזעץ אַ נייעם:
— די אַרבעט מוז פאַרשנעלערט ווערן,
די אַרבעט־שעהן מוזן ווערן לענגער.
די ערד איז גאָטס, און ס'איז אַ זינד צו לאָזן
אַ שטיקל ערד צו פּוסטעווען אים זומער.

**פירשט:**

און וואָס וועט זיין די אַרבעט פון דער קירכע?

**בישאָף:**

אויסצופירן דאָס געזעץ אין לעבן,
אריינבלאָזן אין אים דעם גייסט פון גאָט:
— וואָס שווערער ס'איז דאָס לעבן דאָ אויף דער ערד,
אַלץ גרעסער איז דער חלק עולם הבא;
וואָס מער געליטן אויף דער ערד, אַלץ ברייטער,
דער טויער צו דער קעניגרייך פון הימל...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

עקסעלענצן. איך האָב עפּעס צו זאָגן וועגן דעם,
אויב ס'איז דערלויבט אַן איינפאַכן מאָנאַך צו רעדן;
מיט פייער שפּילט איר זיך!
ס'גערולט בא דער באַפעלקערונג ווערט פלאַצן!
צי האָט איר ניט געלערנט קיין געשיכטע?
איז אייך דער אויפשטאַנד פון ספּאַרטאַקן ניט באַקאַנט?

**בישאָף:**

א צייט, און אַנדערע געוועזן דאַן,
גאָט האָט נאָך ניט געהאַט אַנטפּלעקט זיך אין זיין זון,
נאָך ניט געוועזן די קעניגרייך פון הימל...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

דאָס ליכט פון יענער קעניגרייך מוז וואַרפן
די שטראַלן אַהערצו אויף דער ערד אַראָפּ.

**בישאָף:**

די שטראַלן זיינען: אונטערטעניקייט און ליבע,
נשמה־לייטערונג דורך הייליקן געבעט;
און דו וואָלסט בעסער וויניקער געלייענט די געשיכטע,
און מער זיך אָפּגעגעבן מיטן טעסטאַמענט.
דער וועג פון דער געשיכטע פירט צום שייטער,
פון טעסטאַמענט — צום הימל און צום קרייץ..
(פון דרויסן דערהערט זיך אַ טומל, געוויין, געבעט)

**המון:**

פאָטער, הייליקער, ראַטעווע אונז!...
(בישאָף, פירשט, מאָנאַכן, הויפלייט הויבן זיך אויף)

**בישאָף:**

די העכסטע מאכט דער קירכע!...

(דאָס בילד בייט זיך: אויף די טרעפּ פון דער קירכע אַנטקעגן דעם המון, שטייט דער בישאָף. צווישן דעם המון שפּאַנט אום די געשטאַלט פון דער שוואַרצער פּעסט. אויף וועמען די געשטאַלט לייגט אַרויף איר האַנט פאַלט יענער אַנידער אין טויט־אַנגסטן)

**בישאָף:**

זינדיקן האָט איר געזינדיקט,
גלוסטונגען האָט איר געגלוסט,
אַנדערש וואָלט גאָט אויף אייך ניט אָנגעשיקט,
די שוואַרצע פּעסט. איר זענט אַרונטער,
פון דעם וועג צום הימל קעניגרייך,
וואָס גאָטס זון האָט אָנגעצייכנט מיטן קרייץ.
אין אייערע הערצער האָט קנאה זיך פאַרקליבן,
און שנאה פרעסט די מוחות אייערע אויף;
און דאָס געבאָט איז: גאָרנישט ניט צו גלוסטן,
און ליב האָבן ווי זיך אַליין דעם שכן...

**המון:**

מיר האָבן שוין קיין כוחות ניט צו גלוסטן,
מיר ווילן דאָך ניט מער ווי ברויט מיט וואַסער,
אַ גאַנצע קלייד אויף צודעקן דאָס לייב,
און פּטור ווערן פון דער שוואַרצער פּעסט.

**בישאָף:**

אָט דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסע זינד,
עס ווייזט, אַז איר האָט נאָך ניט גאָט אין האַרצן,
און אַז איר האָט זיך אים אינגאַנצן ניט פאַרטרויט;
אָט דאָס אַליין איז שוין פון זיך אַ גלוסטן,
און אַ פאַרברעכן קעגן גאָטס געבאָט.
ס'איז אַלץ פון גאָט, אי אָרימקייט, אי רייכקייט,
געזונט און קראַנקהייט, לעבן פונקט ווי טויט...
מען טאָר ניט אָפּפרעגן די מעשים זיינע,

ווייל ווײַמען ער האָט ליב, דעם שטראָפט ער הארבער,
דערפאר האָט ער זיין קעניגרייך פארגרייט,
אויף אָפּצאָלן צענפאכיק ואים אין הימל...

המון :

מיר קענען שוין ניט אויסהאלטן, מער, פאָטער,
זאָג, הייליקער, זאָג, וואָס זאָלן מיר טאָן?

בישאָף :

זיך רייניקן פון זינד דורך ארבעט און דורך תפילה.
ער האָט אויף אייך געשיקט די שווארצע פעסט
אויף אויספּרובירן אייך אין אייער גלויבן:
אייך איז באַשערט צו גיין דעם וועג וואָס ס'איז געגאנגען
גאָטס זון, און איר וועט זיין געהייליקט.
וואָס מער הכנעה, וואָס מער ארבעט, וואָס גרעסער די ליידן,
אַלץ נענטער צו דער קעניגרייך פון הימל...
דער סדר פון דער וועלט איז איינגעשטעלט פון גאָט:
דער לייב איז הערשער איבער חיות,
עס הערשט דער פירשט איבערן פאָלק,
איבערן פירשט שטייט העכער נאָר די קירכע,
און איבער אַלץ און אַלעמען איז גאָט...
איצט גיב איך אייך מיין ברכה. קניט און גייט אהיים.
(מאַכט אַ צלם אין דער לופט מיט דער האַנט)

המון :

(קניט. ציילעמט זיך. טוט תפילה)
(אויף די טרעפּ באַווייזט זיך דער מאַנאַך יאָהאַן)

מאַנאַך יאָהאַן :

שטייט אויף!... הערט אויף צו קניען!...
הערט אויף זיך ציילעמען און מורמלען תפילות!...
איר וועט די שווארצע פעסט מיט תפילות ניט פארטרייבן!...

המון :

(טוט זיך אַ הויב אויף ווי פון אַ דונער־קראַך. בלייבט שטיין אין
באַוועגונג, דערשטוינט).

מאָנאַך יאָהאַן:

צו וועמען קניט איר?
צו וועמען צײלעמט איר זיך?
צו וועמען שיקט איר אײערע געבעטן?
צו אַ גאָט וואָס איז געשטאָרבן, און איז לעבעדיק געוואָרן,
און אַנגעגרייט פאַר אײַך אַ קעניגרייך אין הימל!...
אַ גאָט וואָס שטאַרבט, וואָס פאַר אַ גאָט איז ער?
אַ מענטש געשטאָרבן איז אין גליל אויפן קרייץ,
אַ מענטש ווי איר, ווי איך, וואָס האָט געוואָלט
פון אונזער ערד גאָטס קעניגרייך באַשאַפן.
הויבט אויף די אויגן, קוקט, וואָס זעט איר דאָרטן?
וואָלקן, הימל, בלוי, ניטאָ דאָרטן קיין לעבן,
קיין קעניגרייכן זײַנען דאָרט ניטאָ...

שטימען:

(פון צווישן המון)
ליגן זאָגסטו!...
פאַר אונזערע לײַדן, ווער באַצאָלן וועט?

מאָנאַך יאָהאַן:

קיינער ניט!...
גאָטס קעניגרייך ליגט אויסגעשפּרייט פאַר אײַך:
די גרינע פעלדער, די בוימער פרוכט, די קלאָרע קוואַלן וואַסער,
די וואַרימקייט פון זון, דאָס קילע ליכט פון שטערן,
ס'איז אײַערס, גייט און נעמט, און ס'וועט די שוואַרצע פּעסט,
ווי וואָלקן־רויך פון אײַך זיך אָפּטאָן און ניט ווערן...

בישאָף:

ניט הערט אים!... ניט הערט אים!...
פאַרשטאָפּט די אויערן!...
דער טײַוול האָט זיך אָנגעטאָן אין פּריסטערס קליידער,
און וויל פאַרקויפן אײַך צו אײביקער פאַרדאַמונג...
אַהיים גייט, גלויביקע, אויף אײַך ניט גוטע לויערן...

המון:

די שוואַרצע פּעסט פאַרטרייב!...
ראַטעווע אונז!...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

ער האָט די שוואַרצע פּעסט געבראַכט, ווי קען ער זי פּאַרטרייבן?
ער האָט גאָטס קעניגרייך — די ערד — מיט אייך צוזאַמען
אַהינטער יענער טיר פּאַרקויפט צום פּירשט.
אָ, טוט אַ קוק און זעט ווי רייך זיי לעבן,
ווער האָט זיי אָט די רייכקייט זייערע געגעבן?
איר, מיט דער אַרבעט אייערער און אייער נויט;
אַליין האָט איר דאָס לעבן אויסגעטוישט אויף טויט;
ער האָט פּאַרפּלאַנצט אין אייך אַ גאָט, וואָס פון באַשאַף
האָט מענטשן איינגעטיילט אויף הערשער און אויף שקלאַף;
און גאָט באַשאַפן האָט די מענטשן אַלע גלייך,
פּאַר אַלעמען די ערד, דאָס וואַסער פונם טייך, —
דאָס קול פון יענעם גאָט רעדט איצט דורך מיר צו אייך...

**בישאָף:**

דאָס קול פון יענעם גאָט האָט דאָס אומגליק אייך געבראַכט,
דאָס פּאָלק וואָס האָט אים אין זיין מוח אויסגעטראַכט,
ווי אַ מיטל נאַר, צו קענען וועלט באַהערשן,
האָט גאָט, דער אמתער, פּאַרטריבן פון זיין לאַנד,
און צווישן פעלקער פון דער גאָרער ערד צעשפּרייט,
איצט גייען זיי אַרום און שפּרייטן טויט,
און ווילן זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעבן;
דאָס האָבן זיי די ברונימער פּאַרסאַמט,
וואָס האָט אויף אייך געבראַכט די שוואַרצע פּעסט...
ראַמט אויס פון צווישן אייך דאָס פרעמדע נעסט
פון קריסטוס־קרייציקער, פון אַנטיכריסטן,
אויב איר ווילט אויף דער ערד ווי מענטשן לעבן!...

**שטימען:**

טויט די קריסטוס־קרייציקער!...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

אָ, רירט ניט אָן דאָס פּאָלק וואָס האָט געבוירן גאָט,
און האָט דעם מענטש דעם ליכטיקן געבוירן;

פאַרנעמט דאָס וואָרט פון אמתן גאָט,
מיט האַרץ מיט אָפענעם, מיט אויגן און מיט אויערן;
דאָס אמתע גאָט מאַכט מענטשן גלייך,
און רופט אָן זינד צעטיילונג אויף אָרים און אויף רייך;
און דער וואָס די צעטיילונג בענטשט, פון איר גענינסט,
ער האָט דעם מענטש געקרייציקט! ער איז דער אַנטיכריסט!...
דאָס פאָלק וואָס ער רופט פרעמד אָן, האָט ליכטיקייט פאַרזייט,
און גאָט, דער גאָט פון אמת, האָט זיי אַליין צעשפּרייט,
אַז זיי זאָלן דערהאַלטן דאָס טראָפן ליכט אויף דער ערד,
אין חושך וואָס עס שפּרייטן דער צלם און די שווערד!...
זיי זיינען ברידער אייערע, מיט זיי צוזאַמען,
די ווענט צעשטערט, די טויערן, די צאַמען,
וואָס פירשט און בישאָף האָבן אויפגעשטעלט,
צו קענען הערשן איבער מענטש און וועלט...
דאָס טראָפן ליכט פאַרלעשט ניט, הערט דאָס געבאָט, פאַרנעמט,
שטייט אויף, אָ, ברידער מיינע, און אייער חלק נעמט!...

**שטימען:**

זאָל גאָט אונז ווייזן ווי צו נעמען אונזער חלק,
צייג אָן פאַר אונז דעם וועג, אויב ביזט באמת הייליק!...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

דעם הערשערס שפּייכלערס זיינען מיט תבואה אָנגעפילט,
גייט אַלע דאָרט צוזאַמען און נעמט וויפיל איר ווילט!

**המון:**

ביים הערשער שטייען זעלנער וואָס היטן מיט דער שווערד!...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

אָ, לערנט זיך צו שטאַרבן פאַר לעבן, פאַר דער ערד!
וואָס פאַר אַ לעבן איז עס, ווען הונגער אייך צעפרעסט,
און ס'לייגט אַוועק אייך טויטע, ווי מייז, די שוואַרצע פּעסט!
ס'האָט גאָט באַשאַפן היילונג און הילף באַשטימט פאַר אייך:
אין זון, אין ברויט, אין פלאַנצן, אין וואַסער פונם טייך;
און איר ווילט לויטער ניסים, גאָט זאָל אייך שיקן מאָן,

און וויסן ווילט איר גאָרניט, אַז דאָס איז ניט פאַראַן;
איר זענט געקומען בעטן אין אָט דער שווערער שעה,
צו גאָט, אין קירך באַם בישאָף, וואו גאָט איז גאָר ניטאָ;
איר זענט פון ערד אַנטלאָפן און זוכט אַ פוסטן רייך,
און גאָט, וואָס גיט אייך היילונג, ער לעבט באַ אייך, אין אייך...
און ווייל איר זענט אַנטלאָפן פון גאָט, פון זיך אַליין,
און בוקט זיך צו דער קירכע הכנעהדיק און קליין;
און ווייל איר האָט דאָס קול זיינס אין אייער האַרץ דערשטיקט,
האָט ער אייך, ווי אַ וואָרנונג, די שוואַרצע פעסט געשיקט.
זי זאָל דורך טויט אייך טרייבן פון פינצטערניש צו ליכט,
ווי משה, באַם בארג סיני, אַנטפּלעקן זיין געזיכט...
פאַר אייך האָט ער באַשאַפן זוניקייט און ווינט,
זיין פנים — בלויער הימל, דאָס ברויט אין פעלד וואָס גרינט;
ער רופט צו אייך, טאָ ענטפערט, אַ מאַן, אַ פרוי, אַ קינד,
דער וואָס שטאַרבט אין קאַמף פאַר לעבן, דאָס לעבן דער געפינט!...

**יונגע פרוי:**

(לויפט אַרויף די טרעפּ)

די ווערטער זיינען אמת!... ער איז געשיקט פון גאָט!...
קומט עפענען די שפּייכלערס!... קומט, לאָמיר גיין צום פירשט!...

**המון:**

אַ פירער!... ווער וועט פירן?
מיט וואָס וועלן מיר קעמפן קעגן בלויזע שווערדן?

**מאַנאַך יאָהאַן:**

נעמט האַמער, סערפּ און קאָסע, און גאָט וועט גיין מיט אייך,
איר וועט אַליין זיך פירן, און איך וועל גיין פאַראויס...

**יונגע פרוי:**

אַ צייכן!... גאָטס אַ צייכן!...
ער איז דער מאַן פון גאָט!...

**המון:**

מיר גייען וואו דו פירסט אונז,
אַ, פיר אונז, גאָט געבענטשטער!...

(עס נעמען זיך באַווייזן האַמערס, סערפּן, קאָסעס, שטעקנס, שטיינער)

**מאַנאַך יאָהאַן:**

(גייט אַרונטער פון די טרעפּ מיט אַ ביבל אין דער האַנט)

צום פירשט און צו די שפּייכלערס!...

טויט דער שוואַרצער פּעסט!...

**המון:**

צום פירשט און צו די שפּייכלערס!...

טויט דער שוואַרצער פּעסט!...

(די געשטאַלט פון דער שוואַרצער פּעסט וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן המון, פאַלט אַנידער. דער המון, מיטן מאָנאַך פאָראויס, לאָזט זיך גיין צום פירשט)

**יונגע פרוי:**

(זינגט)

„ערד און זון און וואַסער פון טייך,

האָט גאָט געשאַפן פאַר אַלעמען גלייך..."

**המון:**

(כאַפּט אונטער דאָס געזאַנג)

„ערד און זון און וואַסער פון טייך,

האָט גאָט געשאַפן פאַר אַלעמען גלייך..."

(דורך דער צייט וואָס דער מאָנאַך יאָהאַן האָט גערופן דעם המון צום קאַמף, איז דער בישאָף אַוועקגעלאָפן צום פירשט און איש אָנגעזאָגט וועגן דער געפאַר. אַן אָפּטיילונג זעלנער מיט בלויזע שווערדן איז אַוועק באַגעגענען דעם צעבונטעוועטן המון. פאָראויס פון די זעלנער דער פירשט מיטן בישאָף. עס קומט פאַר אַ צוזאַמענשטויס. דער המון ווערט באַזיגט און דער מאָנאַך ווערט גענומען אין געפאַנגענשאַפט)

(דאָס בילד בייט זיך: די בימע אין דער גרויסער קירכע ווי פריער. אויף דער בימע זיצט דער סינאָד פון גייסטלעכע, מיטן בישאָף אין דער שפּיץ, אין אַ משפּט איבער דעם רעבעלירנדיקן מאָנאַך)

**בישאָף:**

פירט אריין דעם אפּיקורס!

(צוויי מאָנאַכן וואָס זיינען געשטאַנען לעבן דער טיר, בוקען זיך, צײלעמען זיך איבער, גייען אַרויס און קומען אַריין צוריק, פירנדיק דעם רעבעלירנדיקן מאָנאַך)

**בישאָף:**

(הויבט זיך אויף, גייט צו צום מאָנאַך און צײלעמט אים איבער)
זון מיינער, מיין האַרץ ווייטיקט אין מיר,
ווען איך דאַרף משפּטן איינעם,
פון קריסטוסעס באַליבטסטע זין;
ניט נאָר די קירך איז איצט אין טרויער,
נאָר קריסטוס אַליין וויינט איצטער אויף זיין הימל־טראָן,
אויף דעם בראָך וואָס האָט זיין קעניגרייך געטראָפן...
וואָס איז מיט דיר, מיין זון, געשען?
ווי האָט דער שטן איבער דיר געקריגן שליטה?
צי ווייסטו ניט וואָס קריסטוס האָט געבאָטן?
הכנעה, זעלבסט־פאַרלייקענונג און ליבע...
דו האָסט אַן עדה גלויביקע פאַרפירט
אין זייער אומוויסנקייט צו זינד און בלוט־פאַרגיסונג;
דו האָסט די תאווה אויפגעוועקט אין זיי,
די תאווה, וואָס איז דער קירך געלונגען
דורך איבערמענטשלעכער מי און מאַטערניש צו צאַמען,
אָ, זון מיינער, חרטה האָב, טו תשובה,
און זאָל די אומשולדיקע עדה זען און גלויבן,
אַז ניט דו האָסט זיי געפירט צו זייער אומגליק,
נאָר ס'איז געווען דעם שטנס האַנט וואָס האָט געפירט...

**גייסטלעכע:**

חרטה האָב, טו תשובה, צײלעם זיך!...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

איך האָב די תאווה אויפגעוועקט אין זיי צום לעבן,
וואָס איז דער קירך געלונגען אָפּצוטייטן,
אין קעגנזאַץ צו קריסטוסעס געבאָט;
איך האָב פאַר זיי אַנטפּלעקט דעם וועג וואָס פירט צו גאָט,

וואָס איז דער וועג פון פעטער ערד, פון זעט,
און ניט דער וועג וואָס פירט דורך טרויער און געבעט.
יאָ, קריסטוס ווייגט, ווייל איר האָט אים אַ טעמפּל אויסגעבויט,
און פירט אים יעדן טאָג צו מאַטערניש און טויט...
איר האָט פון אים געמאַכט אַ גאָט פון טויט און פּיין,
און ער איז לויטער מענטש און וויל קיין גאָט ניט זיין.
ער האָט דאָס מענטש־געבאָט, דאָס אייביקע געבראַכט:
ניט האַרגע און ניט גלוסט, ווייל אַלע זיינען גלייך;
פאַר אַלע פרייד פון זון, די קילע רו ביינאַכט,
די שפע פון דער ערד, דאָס וואַסער פונם טייך.
און וואָס האָט איר געטאָן? איר האָט די וועלט צעטיילט
אויף אָרים און אויף רייך, און זיך אַליין דערוויילט
אין נאָמען קריסטוסעס צו הערשן איבער איר.
וואָס קריסטוס האָט געזאָגט, געטאָן האָט איר פאַרקערט:
ער האָט געבענטשט דעם פרידן, איר האָט געבענטשט די שווערד.
איר האָט די ווענט פון טעמפּל מיט גאָלד אַרומגעפאַרבט,
איר זויפט און לאָזט זיך וואוילגיין, ווען מענטש אין דרויסן שטאַרבט;
אַ בונד האָט איר געשלאָסן מיט קעניג און מיט לאָרד,
און אים האָט איר פאַראַטן מיט פּשטות פון זיין וואָרט...

**גייסטלעכער:**

דאָס מויל, דאָס טייוולשע, פאַרמאַכט אים!...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

....האָב ליב, האָט ער געבאָטן; און איר געבאָט: האָב פיינט!
פאַרוואַנדלט אין אַ קללה די זון אַליין וואָס שיינט;
ער האָט געהייליקט לעבן, איר הייליקן טוט טויט;
פאַרסאַמט האָט איר גאָטס ברכה, דאָס קערענדל פון ברויט,
דאָס מן, וואָס איז זיין היילונג, דעם מענטשנס בונד מיט גאָט,
זיין ליכטיקע אַנטפּלעקונג, האָט איר געמאַכט צו שפּאָט!...

**בישאָף:**

פאַרשאָלטן ביזט אויף אייביק, פאַרדאַמט אויף אַלע טעג;
איך האָב געוואָלט דיך ברענגען צוריק אויף גלייכן וועג;
נאָר דער ווען דער שטן באַווייזט זיין שוואַרץ געשטאַלט,

דער קאָן זיך שוין ניט העלפן, און ער, ווי קין, פאַלט.
פאַר אים ניטאָ קיין רעטונג, נאָר קריסטוסעס געבאָט:
עס טאָר ניט קיין נשמה זיין אָפּגעשיידט פון גאָט;
אַרויסטרייבן דעם שטן קאָן פייער נאָר אַליין,
נאָר פייער ברענט און לויטערט, מאַכט די נשמה ריין;
וואָס האָט אויף דעם צו זאָגן די הייליקע אסיפה?

**גייסטלעכע:**

באַשטעטיקט זאָל דאָ ווערן קריסטוסעס געבאָט:
זאָל אים דער שייטערהויפן פירן צו זיין גאָט...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

די ווייטיקן פון שייטערהויפן דויערן
אַ רגע נאָר, און ווערן דאַן געזאַנג;
נאָר איר וועט אייער אורטייל היינט באַדויערן,
ווייל ברענען וועט ער אייך אַ לעבן לאַנג...
איר האָט גאָטס ליכט אין שטיין געטאָן פאַרמויערן,
זיין גייסט אין אייגנן פורעם איינגעפּרעסט;
נאָר מענטש האָט איצטער אויפגעהערט צו טרויערן,
עס האָט אים אויפגעוועקט די שוואַרצע פּעסט...
איצט קומט ער מאָנען, קומט ער פאָדערן,
און נעמען זיך זיין לאַנג-באַשטימטע רעכט;
פון זון דאָס ליכט, פון ערד די קערענדלעך, די יאָדערן —
פון טעג די ווארימקייט, די בלויקייט פון די נעכט...

**בישאָף:**

(צו די צוויי מאָנאַכן)
פירט אוים אויף אים דאָס הייליקע געבאָט, פון קריסטוס, אונזער
האר!...

**גייסטלעכע:**

זאָל קריסטוס זיך מרחם זיין אויף אים!...
(דער סינאָד פון גייסטלעכע טוט תפילה פאַר זיין נשמה. עס צעקלינ־
גען זיך די גלעקער פון טורעם. די צוויי מאָנאַכן פירן דעם רעבע־
לירנדיקן מאָנאַך)

**מאָנאַך יאָהאַן:**

אָ, טויבע, הערט, עס איז דאָך נאָר צום וואונדערן,
די אויגן עפֿנט אויף צום ליכט וואָס איז אַנטפּלעקט;
אָ, הערט: געזאַנג פֿון טריט פֿון די יאָרהונדערטן,
אַ נס: גאָט האָט דעם מענטשן אויפֿגעוועקט...

(דאָס בילד בייט זיך: אַ ליידיקער פּלאַץ. אינמיטן פּלאַץ אַ בערגל אַש וואָס איז געבליבן פֿון שייטערהויפֿן. פֿון בערגל אַש גייט אויף די גע־שטאַלט פֿון רעבעלירנדיקן מאָנאַך)

**מאָנאַך יאָהאַן:**

(קוקט זיך אַרום)
וואו בין איך?

**קול:**

אינמיטן פֿון דער ערד, אין רייך פֿון אייביק־לעבן...

**מאָנאַך יאָהאַן:**

די גלידער מיינע זיינען גרינג ווי לופֿט,
איך פֿיל, ווי איך געהאַט וואָלט פֿליגלען,
ווער האָט די פֿליגלען מיינע מיר געגעבן?

**קול:**

די האָסט באַזיגט די מורא פֿאַרן טויט,
איז גרינג געוואָרן דיר...
האָסט אָנגעטראָפֿן ביז דעם לעצטן שטאַפּל
אויף יענעם וועג, וואָס פֿירט אַרויף צו מיר;
אָ, זע: עס נעמט די ערד פֿון שלאָף זיך וועקן,
מאַכסט נאָך אַ שפּאַן, און דו וועסט מיך אַנטפּלעקן...

(פֿ אָ ר ה אַ נ ג)

# שטערן זינגען

געשטאַלטן:

| | |
|---|---|
| מאָנאַכן | ערשטער מאַן |
| הערעטיקער | צווייטער מאַן |
| יונגער הערעטיקער | מכשפה |
| אַלטער הערעטיקער | נאָנעס |
| יונגער מאָנאַך | קעפּלער |
| ערשטער אינגל | תּלמיד |
| צווייטער אינגל | באַרבאַראַ |
| יונגע פרוי | בישאָף |

המון

(אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ. אין הינטערגרונט זעט זיך דער פּלאַם און דער רויך, וואָס גייען אויף פון שייטערהויפן. עס באַווייזן זיך מאָנאַכן מיט צלמים אין די הענט. נאָך זיי הערעטיקער וואָס ווערן געפירט צום שייטערהויפן באַוואַכט פון זעלנער. דער גרויסער פּלאַץ נעמט זיך אָנפילן מיט אַ נייגעריקן המון)

**מאָנאַכן** (זינגען):
אָ, גאָט, וואָס דו האָסט באַשאַפן די וועלט לויט דיין אייגענעם סדר,
און האָסט איינגעשטעלט אָרדנונג אין איר וואָס איז ניט פאַר דעם מענטשן צו באַנעמען,
געבענטשט זיי און געלויבט פון אייביק ביז אייביק.

אָ, גאָט, וואָס דו האָסט איינגעטיילט די וועלט אויף אָרים און רייך,
אויף הערשער און אויף אונטערטאַן, אויף גלויביקן און אויף זינדער,
געבענטשט זיי און געלויבט פון אייביק ביז אייביק...
אָ, גאָט, וואָס פון נישטיקער ערד האָסטו באַשאַפן גוף,
און אָנגעשיקט אויף אים אַלע קראַנקהייטן און פּלאָגענישן,
א גאָט פון רחמים און פון יושר ביזטו;
האָסט אין דעם גוף אַריינגעגעבן אַ פונק פון דיין געטלעכקייט —
אַ נשמה,
אַז דער מענטש זאָל זיך קענען צו דיר דערהויבן,
און פאַרגעסן אָן דעם זינדיקן גוף, וואָס איז פאַרגענגלעך, —
געבענטשט זיי און געלויבט פון אייביק ביז אייביק...
אָ, גאָט, וואָס דיין זון האָסטו אונז געשיקט,
אַז ער זאָל אונז דורך זיין בלוט און זיינע וואונדן,
ווייזן דעם וועג צו דיר. ער זאָל די זינדיקע באַקערן,
און גרויס מאַכן דיין נאָמען איבער גאָר דער ערד...
געבענטשט זיי און געלויבט פון אייביק ביז אייביק.
מיט פייער פאַרטיליג זיי, וואָס האָבן פון זיין פּנים זיך אָפּגעקערט,
און די וואָס גלויבן ניט אין אים, פאַרלענד זיי מיט דער שווערד,
אַז ווייסן זאָלן קינדער און אַלטע לייט איבער דער ערד,
אַז דו האָסט באַשאַפן דאָס ליכט פון טאָג,
און די פינצטערניש פון נעכט,
און אַז דיינע מעשים זיינען הייליק,
און וואָס דו טוסט איז גערעכט...

**הערעטיקער** (זינגען):

אָ, גאָט, וואָס די ערד איז פול מיט דיר,
וואָס פון אויבן ביז אונטן האָסטו דיין ליכטיקייט אויסגעשפּרייט,
פאַרוואָס האָסטו דיין פּנים באַהאַלטן פון מיר,
און מיך איבערגעגעבן אין די הענט פון טויט?
אין גראָז און אין בלאַט האָב איך געזען דיין פּנים,
דיין ליכט אין ליכט פון שטערן בא דער נאַכט;
פאַרוואָס האָסטו מיך איבערגעגעבן אין די הענט פון דיינע שונאים,
און האָסט מיך צו שפּאָט און צו שאַנד געמאַכט?

**יונגער הערעטיקער:**

(גייט געאָרימט מיט אַ יונגער פרוי. אין עקסטאַז)

פון דער טיפעניש האָב איך צו אים גערופן,

און ער האָט מיך געהערט,

און ער האָט מיר געשיקט די ליבשאַפט פון גאָר דער ערד;

אָ, הערט, און זעט, איר אַלע לייט,

מיט מיר גייט די ליבשאַפט בײַ מײַן זײַט.

אונז האָט ניט פאַראייניקט דעם פריסטערס גענאָד,

נאָר דער סוד פון דער היילינקער נאַכט, וואָס איז גאָט...

אָ, קום, געליבטע, מיט פלינקע טריט,

גאָט איז מיט אונז, האָב קיין מורא ניט...

**יונגע פרוי** (אויפגעמונטערט):

זיי האָבן מיך אין אַ קלויסטער פאַרשפאַרט

און איך האָב נאָך לעבן און ליבע געגאַרט,

און איך האָב געבעטן דאָס ליכט פון דער ערד,

און גאָט, וואָס איז ליכט, האָט מײַן תפילה דערהערט,

און דו ביזט געקומען, געבענטשט איז די שעה,

קיין גרעסערע פרייד אויף דער ערד איז ניטאָ;

איך האָב אים דערקענט און געפאָלגט זײַן געבאָט,

אַ רגע געווען אין באַרירונג פון גאָט,

און איצט קען איך שטאַרבן מיט לייכטן געמיט,

גאָט איז מיט אונז, איך האָב קיין מורא ניט...

**יונגער הערעטיקער:**

דאָס שטאַרבן פאַר אמת, דאָס איז ניט קיין טויט,

אַ רגע פון פײַן, און אַן אייביקייט פרייד,

אַ רגע פון פײַן און אַן אייביקייט גליק,

געליבטע, מיר האָבן געפונען די בריק,

געליבטע, מיר האָבן געפונען דעם סוד,

וואָס פירט גאָט צום מענטשן, און מענטשן צו גאָט...

(יונגער הערעטיקער און יונגע פרוי בלייבן שטיין, אומאַרעמען זיך, קושן זיך, און זעצן פאָר זייער מאַרש צום שייטערהויפן)

**אַלטער הערעטיקער:**

(בלייבט שטיין. אין עקסטאַז)

א נס האָט געטראָפן, אָ זעט נאָר און הערט:
גאָט האָט אונז אַזוי ווי אין מדבר גענערט,
מיין יוגנט צו מיר האָט זיך ווידערגעקערט..
די הענט מיינע — פליגלען, און גרינג מיינע טריט,
גאָט שפּאַנט בּאַ מיין זייט, איך האָב קיין מורא ניט...
א רגע פון פּיין און אַן אייביקייט גליק,
א רגע פון פּיין און אַן אייביקייט פרייד,
דאָס שטאַרבן פאַר אמת, דאָס איז ניט קיין טויט...

(אַלטער הערעטיקער נעמט שפּאַנען מיט אינגלשע טריט אויפן וועג צום שייטערהויפן)

**הערעטיקער:**

(צוזאַמען, זינגען אין עקסטאַז)

א נס האָט געטראָפן, אָ זעט נאָר און הערט:
מיין יוגנט צו מיר האָט זיך ווידערגעקערט
די הענט מיינע — פליגלען, און גרינג מיינע טריט,
גאָט שפּאַנט בּאַ מיין זייט, איך האָב קיין מורא ניט...
א רגע פון פּיין און אַן אייביקייט פרייד,
דאָס שטאַרבן פאַר אמת, דאָס איז ניט קיין טויט...

(נעמען שפּאַנען מיט באַנייטער יוגנט אויפן וועג צום שייטערהויפן)

(די פּראָצעסיע צום שייטערהויפן נעמט איצט אָן דעם כאַראַקטער פון אַ מאַרש פון אַ זיגרייכער אַרמיי וואָס דרינגט אַריין אין אַן איינגענו־מענער פעסטונג. פאָרויס גייען דער יונגער הערעטיקער געאָרעמט מיט דער יונגער פרוי. נאָך אים די אַנדערע הערעטיקער. זיי מאַר־שירן און זינגען. דאָס פייער פון שייטערהויפן שפּיגלט זיך אויף זייערע פנימער, וואָס מאַכט זיי אויסזען ווי יונגע ריזן וואָס טראָגן אויף זייערע פנימער די זון)

**ערשטער מאָנאָך:**

טייוול בלייבט טייוול, אפילו אין אָנגעזיכט פון טויט;
וואָס פאַר אַ מאַכט ער האָט עס איבער זייערע נשמות...
(ציילעמט זיך)

**צווייטער מאָנאַך:**

זאָל קריסטוס זיך דערבאַרימען אויף זיי!...

(ציילעמט זיך)

**יונגער מאָנאַך:**

(ווייזט אויפן יונגן הערעטיקער און אויף דער יונגער פרוי)

זעט, ווי עס לויכטן די פּנימער בא זיי,

אָ, וויפיל גליק אין זייער אומארמונג ליגט! —

צי קען דער טייוול אָפּשפּיגלען אַזוי פיל ליכט?

איך פיל: עס הויבן זיך די פיס מיינע פון זיך אַליין,

און שלעפּן מיך אָן זיי זיך אָנצושליסן!...

**ביידע מאָנאַכן:**

זיי שטיל... זיי שטיל!... דו נאַר!... דו אינגל!...

זאָל נאָר דער בישאָף ניט דערהערן אָט די רייד!...

(קוקן זיך דערשראָקענע אַרום אין אַלע זייטן. ציילעמען דעם יונגן מאָנאַך)

אָ, קריסטוס, העלף אים!...

צו יונג איז ער צו ברענען!...

**יונגער מאָנאַך:**

(נעמט רייסן פון זיך די מאָנאַכן קליידער)

איך קען ניט טראָגן מער דעם שוואַרצן מאַנטל,

וואָס וויים אין זאַך אין לעבן נאָר: פאַרבאָט!

פאַרבאָטן פרויען־לייב; פאַרבאָטן די יצירה;

פאַרבאָטן זיך אַליין, דאָס קען ניט גאָט...

כ'וויל ערדיש גליק, און ניט אַ פּוסטן נאָמען,

כ'וויל ליב האָבן, כ'וויל זיין געליבט,

כ'וויל שלאָפן מיט אַ פרוי,

איך וויל פאַרפלאַנצן אין איר לייב מיין זאָמען,

ניט טייוול, נאָר ס'וויל גאָט אַליין אַזוי...

זאָל הערן מיך דער בישאָף, ווער עס וויל זאָל הערן,

אָ, פייער, קום, און נעם אַרום מיין לייב!...

כ'הער, עס זינגט די זון, עס זינגען שטערן,

זיי, פייער, דו מיין ניט־געהאַטע ווייב...

(דער יונגער מאַנאַך לאָזט זיך לויפן צו דעם יונגן הערעטיקער און דער יונגער פרוי)

אָ, וואַרט, איך בעט איך, וואַרט איין רגע נאָך!...

(די פּראָצעסיע בלייבט שטיין. דער יונגער מאַנאַך לויפט צו צו דער יונגער פרוי. קניט. מיט בעטנדיקע אויגן:)

לאָז אָנרירן דיין האַנט... דעם ציטער נאָך דערפילן...

די ביינקשאַפט פון מיין בלוט זאָל אויף אַ רגע שטילן...

**יונגע פרוי:**

(בויגט זיך איין צום יונגן מאַנאַך, הויבט אים אויף, נעמט אים אַרום און קושט אים אויף די ליפּן)

**יונגער מאַנאַך:**

(באַרואיקט זיך. אויף זיין פּנים צעשטראַלט זיך די פרייד פון גע־פונענעם גליק)

אָ, וויפל שיין ס'האָט אמת, וויפל פאַרבן!...

איצט קען איך גיין צום שייטערהויפן שטאַרבן!...

(די יונגע פרוי נעמט די האַנט פון יונגן מאַנאַך און יונגן הערעטיקער און זיי זעצן פאָר די פּראָצעסיע, די אַנדערע הערעטיקער נאָך זיי מיט געזאַנג)

**ערשטער אינגל:**

האָסט געהערט ווי דער טייוול קוויטשעט ווען מען זעצט אים אויפן פייער?

**צווייטער אינגל:**

וויפל טייוולס דיינקסטו זיינען אויף דער וועלט פאַראַן?

**ערשטער אינגל:**

אפשר אַ מיליאָן. זעסט דאָך,
מען האַלט זיי און איין ברענען,
און ס'קומען יעדן טאָג צו נייע טייוולס.

**צווייטער אינגל:**

מיין מאַמע זאָגט,
דער טייוול איז אַזוי שטאַרק ווי גאָט,
און ביידע פירן צווישן זיך מלחמה.

**ערשטער אינגל:**

גאָט איז שטאַרקער.

**צווייטער אינגל:**

פון וואַנען ווייסטו?

**ערשטער אינגל:**

זעסט דאָך:

גאָט ברענט דעם טייוול אויפן שייטערהויפן,

און ניט דער טייוול גאָט.

**צווייטער אינגל:**

מיין מאַמע זאָגט, אַז עס איז די זאַך פאַרקערט.

**ערשטער אינגל:**

גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און אויך דעם טייוול,

טאָ ווי קען דער טייוול ברענען גאָט?

**צווייטער אינגל:**

מיין מאַמע זאָגט, אַז די וועלט האָבן באַשאַפן

גאָט צוזאַמען מיטן טייוול, און קענען זיך אַצינדערט ניט צעטיילן.

(די אינגלעך פאַרשווינדן צווישן המון)

**ערשטער מאַן:**

טאָג־איין, טאָג־אויס, עס לעשט זיך ניט דאָס פייער,

כסדר נאָר מען האַלט אין ברענען און אין בראָטן,

דער ריח שטיקט און ווערגט ביז צו חלשות,

ווי קען דאָס צוזען גאָט און שווייגן?!

**צווייטער מאַן:**

פון וואַנען נעמען זיי אַזוי פיל מוט?

זיי שפּאַנען אַזוי גרינג און זינגען נאָך,

און לאָזן ניט אַראָפּ גאָטס נאָמען פון די ליפּן...

אַזאַ עקשנות קען האָבן גאָט אליין, ווי מיינסטו?

מיר וואָלטן אַלע אפשר אָט אַזוי געדאַרפט,

וואָלט אפשר אויף דער וועלט געוואָרן אַנדערש...

**ערשטער מאַן:**

איך ווייס ניט וואָס מען וואָלט געדאַרפט צי ניט,

נאָר ס'קען דאָך גאָט ניט צוקוקן און שווייגן אייביק,
עס איז דאָך שוין ניט אויסצוהאַלטן מער...
(זיי פאַרשווינדן צווישן המון)

(אַ יונגע פרוי וועמען די אינקוויזיציע האָט פאַרמשפּט צום שייטער־הויפן ווי אַ כישוף־מאַכערן, באַווייזט זיך פון צווישן די הערעטיקער, און לאָזט זיך אַוועק אין אַ טאַנץ, זינגענדיק)

**מכשפה:**

ערד און הימל, גאָט און שטן,
פלעכטן איצט פאַר מיר אַ קראַנץ;
זעט, מיין לייב וועט באַלד זיך בראָטן,
און איך לאָז זיך אין אַ טאַנץ.
אַלץ איז טויט און אַלץ איז לעבן,
אַלץ איז יאָ און אַלץ איז ניין;
כ'האָב גענומען און געגעבן, —
גאָט און שטן זיינען איין...
חוהן ציט צו אדמס זאָמען,
אדמען — צו חוהס ברוסט;
גאָט און שטן איז אַ נאָמען,
און זיי ביידע הייסן — גלוסט.
וואָס־זשע שווייגט איר, מענער, ווייבער,
ווען דאָס לעבן רינט פאַרביי,
לאָזט דעם פייער פון די לייבער
זיך צעצינדן פראַנק און פריי!...
גאָט האָט אַלעמען געפורעמט
פון דער ערד און אַלע גלייך;
זון און ווינט און בליץ און שטורעם,
דאָס איז גאָט, און ס'איז אין אייך...
(עטלעכע מאָנאַכן לויפן צו מיט צלמים אין די הענט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט מיט דעם פאַרטרייבן דעם שטן)

**מכשפה:**

(צו איינעם פון די מאָנאַכן)

העי, דו, לאָז דעם שטן לעבן,
און זיין ליכטיקייט נעם קלייב;
ס'האָט דער שטן גליק געגעבן,
ווען איך בין געווען דיין ווייב...
דו, און דו, און דו, איר אַלע,
איר באַזינגער פון מיין טראַכט;
אייער ווייב און אייער כלה,
דאָך געוועזן נאַכט נאָך נאַכט...
ס'איז מיין נאָמען מאַגדאַלענע,
און איך האָב געבוירן גאָט;
קומט מיט מיר צוזאַמען ברענען
אין דעם ליכט הינטער דער שטאָט...
(פון צווישן המון באַווייזן זיך יונגע נאָנעס, וואָס קומען צו צו דער
יונגער מכשפה, רינגלען זי אַרום)

**נאָנעס** (אין כאָר):

מאַגדאַלענע, מאַגדאַלענע,
שוועסטער גוטע, מאַמע, ווייב;
זאָל דער פייער דאָרט פאַרברענען
גלייך מיט דיר אויך אונזער לייב...
אונזער לייב וויל אויך געבערן,
און אין ערדיש גליק פאַרגיין;
ס'לעבן העלט אין אונז ווי שטערן, —
גאָט און שטן זיינען איין...
(זיי נעמען רייסן פון זיך די נאָנע קליידער, טאַנצן אַרום דער יונגער
מכשפה און זינגען)

**מכשפה:**

אונזער לייב קען ניט פאַרצערן
פייער דאָרט הינטער דער שטאָט,
ווייל מיר טוען דאָך געבערן
גאָט און מענטש און מענטש און גאָט...

**נאָנעס:**

(שליסן זיך אָן אָן די הערעטיקער, זינגען)

אונזער לייב קען ניט פאַרצערן
פייער דאָרט הינטער דער שטאָט,
ווייל מיר טוען דאָך געבוערן,
גאָט און מענטש און מענטש און גאָט...

(דאָס בילד בייט זיך: דער אַרבעטס צימער פון דעם יונגן וויסנשאַפטסמאַן קעפּלער. אויף טישן שטייען אויסגעשטעלט פאַרשידענע אינסטרומענטן. דורכן פענצטער זעט זיך דאָס פייער און דער רויך פון שייטערהויפן. פון צייט צו צייט דערטראָגט זיך אַהער דאָס עקסטאַטישע געזאַנג פון אַ הערע־טיקער. אין צימער געפינען זיך קעפּלער און איינער פון זיינע תלמידים. קעפּלער קוקט דורך אַ טעלעסקאָפּ אין הימל אַריין)

**תלמיד:**

וואָס זעסטו, מייסטער?

**קעפּלער:**

איך זע גאָט.

**תלמיד:**

וואָס רעדסטו, מייסטער?
איז מעגלעך אַזאַ זאַך?

**קעפּלער:**

יאָ, מעגלעך! איך זע אים קלאָר,
און אין זיין גאַנצער פּראַכט.

**תלמיד:**

לאָז אַ קוק טאָן, מייסטער.

**קעפּלער:**

דו וועסט אים ניט זען!...

**תלמיד:**

פאַרוואָס, מייסטער?

**קעפּלער:**

דיין האַרץ, דיין מוח זיינען נאָך ניט גרייט צו זען אים...

**תלמיד:**

ווי זעט ער אויס, מייסטער?

**קעפּלער:**

ווי אַ פּאַראייניקונג פון ווענוס און אַפּאָלאָ...

**תלמיד:**

לאָז דאָך אַ קוק טאָן, מייסטער?

**קעפּלער:**

נאַ, קוק...

**תלמיד:**

(גייט צו צום טעלעסקאָפּ. קוקט)

**קעפּלער:**

וואָס זעסטו?

**תלמיד:**

אַ רויט שטיק הימל
באַפאַרבן מיט דעם פייער פון שייטערהויפן...

**קעפּלער:**

און אין דעם פייער, אַ געשטאַלט, אַ ליכטיקס,
וואָס שמייכלט מיט דער ליבשאַפט פון דעם ערשטן מענטש...

**תלמיד:**

איך זע ניט קיין געשטאַלטן, מייסטער.

**קעפּלער:**

ביזט נאָך ניט גרייט צו זען, מיין אינגל.

**תלמיד:**

איך פאַרשטיי ניט, מייסטער.

**קעפּלער:**

האָסט שוין אַמאָל געברענט אויף יענעם שייטערהויפן?

**תלמיד** (דערשראָקן):

וואָס רעדסטו, מייסטער?

**קעפּלער:**

איך מיין, צי האָסטו זיך פאַרגעשטעלט אַמאָל,
ווי אויף דעם שייטערהויפן ברענט דיין גוף,
די פלאַמען נעמען דיך אַרום ווי הייסע פרויען־הענט,
און ברענען דיך, און קענען ניט פאַרברענען?...

**תלמיד:**

איך וואָלט אַזוינס ניט אויסגעהאַלטן, מייסטער!...

**קעפּלער:**

אַן דעם וועסטו ניט קענען גאָט דערזען,
דיין אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן, אינגל,
אַהיים גיי, און פאַרגעס דעם וועג צו מיר;
די האַנט פון קירך קען יעדע רגע גרייכן
אַהער, און דאָס מיינט ברענען אויפן שייטער...

**תלמיד** (אין טויט־שרעק):

מייסטער!...

(לאָזט זיך לויפן צו דער טיר)

(פון דרויסן דערהערט זיך דאָס געזאַנג פון יונגן מאָנאַך:)

זאָל הערן מיך דער בישאָף, ווער עס וויל זאָל הערן,
אַ, פייער, קום און נעם אַרום מיין לייב!...
כ'הער, ס'זינגט די זון, עס זינגען שטערן,
זיי, פייער, דו, מיין ניט־געהאַטע ווייב!...

(דאָס אינגל בלייבט שטיין בײַ דער טיר. אומבאַשטימט. קוקט אָט צו דער טיר און אָט צו קעפּלערן. אויף זיין פּנים שפּיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער טויט־שרעק פון דער אינקוויזיציע. דאָס געזאַנג פון דרויסן הערט זיך אַלץ קלאָרער און עקסטאַטישער. דעם אינגלס פּנים טוט פּלוצלינג אַ לויכט אויף מיט אַזאַ מאָדנער שיין)

**תלמיד:**

מייסטער!...

**קעפּלער:**

וואָס, מיין אינגל?

**תלמיד:**

איך האָב עס דורכגעלעבט!... איך האָב געברענט!...
וואָס שטאַרקער ס'האָט דאָס פייער מיך אַרומגענומען,
אַלץ מער האָב איך געפילט אין מיר די גבורה אויפגיין...
איך בלייב דאָ, מייסטער!...

**קעפּלער:**

איצט קום אַהער, מיין אינגל.
קוק!... וואָס זעסטו?

**תלמיד:**

אַ ליכטיקע געשטאַלט!...
כ'זע גאָט!...

(פון דרויסן הערט זיך נאָך אַלץ דאָס געזאַנג. עס קומט אַריין קעפּלערס יונגע ווייב, לויפט צו צו קעפּלערן מיט טרערן אין די אויגן)

**באַרבאַראַ:**

יאָהאַנעס!...

**קעפּלער:**

וואָס איז געשען, מיין ווייב?

**באַרבאַראַ:**

האָסט מיך ליב, יאָהאַנעס?

**קעפּלער:**

וואָס פאַר מאָדנע פראַגעס שטעלסטו מיר?
מיין ליבע איז נאָך פריש ווי יענעם טאָג,
ווען ס'האָט מיר אויפגעשיינט דיין ליכטיק פּנים.

**באַרבאַראַ:**

דו מוזט מיך איבערציינגן מיט אַ טאַט, יאָהאַנעס!

**קעפּלער:**

וואָס פּלוצלינג?... איך פאַרשטיי ניט!...

**באַרבאַראַ:**

איך וויל זאָלסט איין פאַרלאַנג מיינעם דערפילן;
זאָגסטו עס מיר צו?

קעפּלער:

ווען דו פֿאַרלאַנגסט, ווי קען איך עס אַנטזאָגן?

באַרבאַראַ:

יאָהאַנעס!... די פּאַפּירן דײַנע...

פֿאַרברען זיי!...

קעפּלער:

באַרבאַראַ!... דו!?...

באַרבאַראַ:

כ׳האָב מורא, יאָהאַנעס!...

קעפּלער:

ווען מיר זײַנען געווען חתן־כּלה,
און אין דעם גאָרטן געשפּאַצירט, פֿאַרליבטע,
האָב איך פֿאַר דיר געזונגען פֿון די שטערן,
דעם סוד וואָס איז פֿאַר מיר אַנטפּלעקט געוואָרן,
וואָס וועט אַ נײַע ליכטיקייט געבערן,
אומענדלעך גליק פֿאַר מענטשן אויף דער ערד...
און דו מיט מיר צוזאַמען האָסט געזונגען,
און ס׳האָט דײַן ליבע מיר געגעבן פֿליגל...
מײַן ליבע, וואָס איך זינג דיר אַלע טאָג,
פֿאַרשריבן ליגט אָט דאָ אין די פּאַפּירן...
איצט בעטסטו מיך, אַז איך זאָל עס פֿאַרברענען!...
באַרבאַראַ!... צו הערן דײַנע אויערן וואָס דו רעדסט?

באַרבאַראַ:

יאָהאַנעס!... זיי וועלן דיך אוועקנעמען פֿון מיר!
מען רעדט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז דו
באַגעגנסט אַלע נאַכט זיך מיטן שטן,
און פּראַוועסט מיט אים כּישוף קעגן גאָט...
כ׳האָב מורא פֿאַר אָט יענעם פֿײַער דאָרט...
איך וויל דיך ראַטעווען, יאָהאַנעס!...

קעפּלער:

עס וואָלט דאָך נאָר געראַטעוועט מײַן גוף,

און וואָלט געברענט אין פייער מיין נשמה,
אַ יעדע רגע פונם טאָג, אַ גאַנצן לעבן...
וואָס טויג אַ גוף אַליין אָן אַ נשמה? —
צו שטאַרק האָב איך דיך ליב,
צו פול מיט דיר מיין בלוט...
די ווערטער דאָרטן אָטעמען מיט ליבע...

**באַרבאַראַ:**

איך וועל אַליין אָן דיר ניט קענען לעבן!...

**קעפּלער:**

אויב אמת דאַרף זיך לייטערן אויף שייטערהויפן,
טאָ קום מיט מיר!... מיר ביידע זיינען שטאַרק!...
איך וועל ניט אונטערגעבן זיך דעם טויט,
אויף ווייסן בעט, הבנעהדיק, מיט ליכט צוקאָפּנס,
מיט אַ מאָנאַך וואָס בעט פאַר מיין נשמה...
פון טויט איז אונזער ליבע שטאַרקער, אייביקער...
פון פייער דאָרט גייט אויף אַ ים מיט ליבע,
קום, לאָמיר זיך, געליבטע, אויפלייזן אין אים!...

**באַרבאַראַ:**

(באַהאַלט דאָס געזיכט אין קעפּלערס לייב. צעוויינט זיך היסטעריש. באַרואיקט זיך באַלד. גלייכט זיך אויס. אויף איר געזיכט צעשפּילט זיך אַ באַפרידיקטע לויטערקייט)

יאָהאַנעס!...

**קעפּלער:**

וואָס איז, געליבטע?

**באַרבאַראַ:**

כ׳הער שטערן זינגען, ווי דאָן,
ווען מיר האָבן שפּאַצירט אין גאָרטן...

(פון דרויסן הערט זיך קלאָר דאָס געזאַנג פון די הערעטיקער, וואָס מישט זיך צונויף מיט דעם אימהדיקן געקלאַנג פון קלויסטער גלאָקן. עס עפנט זיך די טיר פון קעפּלערס אַרבעט־צימער און עס קומט אַריין דער בישאָף באַגלייט פון מאָנאַכן)

קעפלער:

אזעלכע נעסט!... מיט וואָס בין איך זוכה געווען
אזעלכע חשובע נעסט בא זיך צו האָבן? זיצט.
(די מאַנאַכן זעצן זיך אויס. דער בישאָף גייט צו און באַטראַכט די פאַרשיידענע אינסטרומענטן, די גלעזלאַך מיט די קאָלירטע וואַסער־לאַך. גייט צו צום טעלעסקאָפּ און קוקט דורך אים אין הימל אַריין).

בישאָף:

כ'זע גאָרנישט, נאָר הימל־בלוי, באַזעצט מיט שטערן.

קעפלער:

מ'דאַרף אָנשטריינגען גלייכצייטיק אויך די אויערן...

בישאָף:

וואָס מיינסטו?

קעפלער:

מ'דאַרף ניט נאָר ז ע ן די שטערן,
מ'דאַרף זיי הערן...

בישאָף:

דו הערסט זיי?
(קוקט זיך איבער מיט די מאַנאַכן)
וואָס הערסטו אין די שטערן?

קעפלער:

איך הער זיי זינגען...

בישאָף:

וואָס זינגען זיי?

קעפלער:

זיי זינגען לויב צו דעם באַשעפער,
פאַר דער האַרמאָניע פון זיין יצירה...

בישאָף:

גוט געזאָגט, מיין זון,
האַרמאָניע פון דער יצירה;
דער סדר, פון דער וועלט

איז ווי ס'באדארף צו זיין;
מיר מוזן אויספאלגן גאטס ווילן,
און, ווי די שטערן, זינגען אים א לויב...

קעפלער:
גאטס ווילן איז, מיר זאלן אים פארשטיין,
מיר זאלן אים אין אונזער הארץ דערפילן...

בישאף:
געוויס, מיין זון, פאר דעם איז דא די קירכע,
אין תפילה פילט מען גאט און מען פארשטייט אים...

קעפלער:
אין תפילה פילט מען אים, פארשטיין אבער,
פארשטייט מען אים דורך קלארקייט פון געדאנק,
דורך ליכטיקייט פון ווארט, דורך ציפער,
וואס ער אליין, גלייך מיט דער וועלט באשאפן האט,
א שליסל אונז געשיקט אויף אויפשליסן זיין סוד...

בישאף:
זיין סוד איז ניט פאר אונז אויף אויפצושליסן!...
וואס איז דער מענטש? א ווארים צווישן ווערים;
די ערד, די וועלט, א פרוזדור נאר צום הימל...

קעפלער:
דער וואס צעטרעט א ווארים, צעטרעט גאט,
דער וואס פארהאלט דאס ליכט פון ווארט און ציפער,
פארהאלט גאטס פנים פון אנטפלעקן זיך...
דער סוד פון הימל, ניט אין הימל ליגט,
נאר אין דער ערד, וואס מענטש איז איר באהערשער.

בישאף:
דו שטעלסט דעם מענטשן העכער פון גאט אליין?

קעפלער:
דער מענטש א י ז גאט, דער גוף פון זיין נשמה,
און אט די ביידע זיינען איינס — אחד;

די גרענעץ צווישן ביידע אַפּצוואווישן,
דאָס וואָרט, די צאָל, ער אונז געגעבן האָט...
(לויפט צו צום טעלעסקאָפּ, קוקט)
אָ, זע, אָ, הער, פאַרנעם געזאַנג פון שטערן,
אָ, זע, דער מענטש די רונדע ערד באַוועגט;
ער האָט גאָטס לויטער קול געטאָן דערהערן;
אָט, אָט, זיין לויטער פּנים ער אַנטפּלעקט...

**בישאָף:**

פאַרמשפּט האָסטו זיך אַליין צו ברענען,
זאָל גאָט אין הימל העלפן דיין נשמה...
(בישאָף און מאָנאַכן ציילעמען זיך. שעפּטשען תּפילות)

**קעפּלער:**

האָסט מורא פאַר דעם אורטייל מער ווי איך,
איך האָב צעלעכערט דיינע ווענט פון ליגן;
איצט וועט דער מענטש אַריינקוקן אַהין,
און ער וועט מיט זיין פּשטות דיך באַזיגן...
(דער בישאָף טוט אַ וואונק. צוויי מאָנאַכן גייען צו צו קעפּלערן,
נעמען אים פאַר די הענט)

**תּלמיד:**

(לויפט צו צום בישאָף)
וואָס טוט איר?!
דאָס פירט איר דאָך צום שייטערהויפן גאָט!...

**בישאָף:**

(קוקט אָן דאָס אינגל)
אַזוי יונג, און שוין אין טייוולס שליטה!
דאָס פייער וועט דיך ראַטעווען,
איידער דו האָסט צייט צו זינדיקן...

**באַרבאַראַ:**

(גייט צו און שטעלט זיך אַוועק באַ קעפּלערס זייט)

**בישאָף:**

דו אויך?

**באַרבאַראַ:**

דער גורל אדמס איז דער גורל הוהם...

(דאָס אינגל שטעלט זיך אַוועק באַ קעפּלערס צווייטער זייט. פאַר־אויס דער בישאָף. נאָך אים קעפּלער, באַרבאַראַ און דער תלמיד, הינטער זיי די מאָנאַכן, נעמען שפּאַנען צו דער טיר. פון דרויסן הערט זיך קלאָר דאָס געזאַנג פון די הערעטיקער, אויסגעמישט מיט דעם אימהדיקן קלינגען פון קלויסטער גלאָקן)

**קעפּלער:**

(בלייבט שטיין. שטריינגט אָן די אויערן. הערט זיך איין. דאָס געזאַנג פון די הערעטיקער לייזט זיך אויף אין טענער פון דער מאַר־סעליעזע)

אָ, זע, אָ, הער, פארנעם געזאַנג פון שטערן,
דער מענטש די קיילעכדיקע ערד באַוועגט...

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# האַס און ליבע

געשטאַלטן:

| | | |
|---|---|---|
| מאַן | קול | דאַנטאָן |
| טרובאַדור | גייסטלעכע | ראָבעספּיער |
| פרוי | מיניסטאָרן | קאָמאַנדיר |
| פּאַרזאַמלטע | טענצערנס | זעלנער |
| אַדיוטאַנט | הויפלייט | סאַנקולאָטן |
| קעניג | מיליטערלייט | יונגע פרוי |
| קעניגן | אַדעליקע | דעפּוטאַטן |
| בישאָף | מלוכה מאַן | פּייקלער |
| | | המון |

(אַן אָפענע שיינק אין אַ ווינקל פון אַ גרויסן, אָפענעם פּלאַץ אינמיטן שטאָט. די שיינק איז אָנגעפילט מיט מענער און ווייבער, אָנגעטאָן אין טראַנטעס, מיט פנימער אָפּגעצערטע פון הונגער און פאַרהאַרטעוועטע. קעגנאַיבער שטייט דער קעניגלעכער פּאַלאַץ. אויפן גרויסן פּלאַץ שטייען טישלעך, וועגעלעך, ביידלעך מיט סחורה. עס הערן זיך אויסרופן פון די קליינהענדלער וואָס ווילן צוציען קונים. אין שיינק איז רויך, טומל. עס דערהערט זיך אַ טאָן פון אַ גיטאַרע)

**מאַן:**

זינג, טרובאדור, דאָס לעבן איז ניט אויסצוהאַלטן מער!
לאָז אויף אַ ווייל די ווירקלעכקייט פאַרגעסן!...

**טרובאַדור:**

איך האָב נאָך היינט מיין גומען ניט באַנעצט;
עס זינגט זיך ניט ווען ס'איז דער גומען טרוקן,
און אין די טאַשן בלאָזט מוראדיק דער ווינט...
ווער גיט אַ טרונק?

**באַלעבאָסטע:**

(טראָגט צו דעם טרובאדור אַ גלאָז בראָנפן)
נא, ברודערל, טרינק, נאָר גיב עפּעס אזוינס,
אז עס זאָל צענעמען...

**טרובאַדור:**

(זופּט אויס אַ האַלבע גלאָז אויף איינמאָל)
אָ, מוזע, קום, אָ, מוזע, קום באַווייז זיך!...
(טוט נאָך אַ זופּ און ליידיקט אויס די גלאָז)
זי איז דאָ!... זי דאַרף דערשמעקן נאָר דעם ריח,
און זי קומט...
(עס ווערט שטיל אין שיינק. דער טרובאַדור הויבט אָן צו זינגען און אַקאָמפּאַנירן אויף דער גיטאַרע)

**טרובאַדור** (זינגט):

אז גאָט באַשאַפן האָט דאָס לעבן,
האָט ער באַשאַפן אַלע גלייך;
דעם מענטש, די ערד אַוועקגעגעבן,
דעם הימל — זיך, די פיש — דעם טייך.
אוי, איז געווען דאָן גוט און פריילעך,
און גאָרנישט האָט דער מענטש געדאַכט;
ס'איז אָדם דאַן געווען אַ מלך,
אַ מלכה — חוה ביי דער נאַכט.
נאָר אָט... נאָר אָט... וואָס טוט זיך דאָרטן?
צוויי ברידער קריגן זיך, אָ, גאָט! —
ביינאַכט, אַ ברודער, אינם גאָרטן,
דעם אַנדערן דער'הרגעט האָט...
דורך דונער־בליצן גאָט טוט ריידן:

— האָסט אויף דער ערד געבראַכט די פּיין ! —
— ניטאָ אויף דער ערד קיין פּלאַץ פאַרביידן,
דער שטאַרקערער מוז הערשער זיין.
און גאָט האָט אים געזאָגט אין צאָרן :
— אוועק פון דאַנען, די מינוט !
דו זאָלסט דורך דורות און דורך יאָרן,
דיין זינד פאַרווישן מיט דיין בלוט ! ...

**פּאַרזאַמלטע :**

דיין זינד פאַרווישן מיט דיין בלוט ! ...

**טרובאַדור :**

. . . און קין הערשט מיט האַנט און צוואַנגען,
ער האָט פאַרנומען גאָר די ערד ;
נאָר הבלס בלוט איז אויפגעגאַנגען,
און ווערן וועט זיין פּיין דערהערט ...

**פּאַרזאַמלטע :**

און ווערן וועט זיין פּיין דערהערט ...

**טרובאַדור :**

. . . אָ הערשער, הערט ! אָ ציטערט, טראָגען !
צוויי שאַרפע זייטן האָט די שווערד ;
עס קומט דער יונגער ברודער מאָנען
זיין גלייכן חלק אויף דער ערד ...

**פּאַרזאַמלטע :**

זיין גלייכן חלק אויף דער ערד ...

(דאָס בילד בייט זיך : עס אַנטפּלעקט זיך דער קעניגלעכער פּאַלאַץ. אין פּאַלאַץ קומט פאָר אַ באַל. הויפלייט, מיניסטאָרן, אַדעליקע, פּרינצן פון דער קירך, מיליטערלייט. מוזיק שפּילט. רינער סערווירן געטראַנקען אויף גאָלדענע טאַצן. פּאָרלעך טאַנצן)

(אויף די טרעפּ באַווייזט זיך אַן אַדיוטאַנט. ער בלאָזט אין אַ טרומייטער. עס ווערט שטיל).

**אַדיוטאַנט** (רופט אויס):
דער קעניג און די קעניגן!

(די פּאַרזאַמלטע צעטיילן זיך אין צוויי רייען אויף ביידע זייטן. אויבנאָן פון ביידע רייען שטעלט זיך אַוועק דער בישאָף, מיט אַ גאָלדענעם צלם אין דער האַנט. דורך דער ברייטער טיר באַווייזן זיך דער קעניג און די קעניגן. די פּאַרזאַמלטע נייגן זיך טיף. דער קעניג און די קעניגן גייען צו צום בישאָף, שטעלן זיך אָפּ, קושן דעם צלם. דער בישאָף ציילעמט זיי איבער, און זיי זעצן זיך אַוועק אויף די צוויי טראָנשטולן וואָס שטייען הינטערן בישאָף. דער קעניג גיט אַ צייכן מיט זיין צעפּטער. די מוזיק הויבט ווידער אָן צו שפּילן. דער זאַל ווערט ווידער פול מיט טאַנצנדיקע פּאָרלאַך. אַ מינוט שפּעטער באַווייזט זיך ווידער דער אַדיוטאַנט)

**אַדיוטאַנט:**
(בלאָזט אין טרומייטער. אַ שטילקייט ווי פריער)
לכבוד דאָס געבורט פון קריסטוס, אונזער האַר,
וועט דער קעניגלעכער באַלעט איצט טאַנצן,
דעם טאַנץ פון דער הייליקער יונגפרוי!...

(די מוזיק הויבט אָן צו שפּילן. עס טאַנצט אַריין דער באַלעט פון יונגע מיידלעך אין דורכזיכטיגע קליידער. די פּאַרזאַמלטע גייען אַריין אין עראָטישן עקסטאַז. דונערנדיקער אַפּלאַז. דאַמען און קאַוואַ־ליערן אומאַרמען זיך און קושן זיך. דער קעניג אויפן טראָנשטול ווערט פלוצלינג בלאַס, לאָזט אַרויס אַ ווילדן געשריי. דער בישאָף און אַדעליקע לויפן צו צו אים)

**קעניג:**
(ווייזט אויף דעם ברייטן אַריינגאַנג)
נעמט אים אַוועק פון דאַנען!...
(אַלע קוקן צום אַריינגאַנג, זעהען גאָרנישט)

**קעניג:**
וואו איז די וואך!... פּאַראַט!...
כ'וועל מיט מיין אייגן האַנט פּאַרעטער קעפּן!

**בישאָף:**

וואָס זעט דער קעניג?

**קעניג:**

זענט איר אַלע בלינד,
צי זענט איר אַלע דאָ אין זאַל פאַרעטער?
אָן שטייט ער דאָרט, דער טייוול,
וואָס מ'האָט נעכטן אויפגעהאַנגען,
פאַר אָנפירן דעם בונט!...
וועט זיך קיין איינציקער דאָ ניט געפינען
וואָס וועט אים דורכשטעכן דאָס האַרץ?

(די מיליטערלייט ציען די שווערדן פון די שיידן, זוכן אויף וועמען די שווערדן אַראָפּצולאָזן, און קענען ניט געפינען דעם אומגעווינטשטן גאַסט).

(פון דעם ברייטן אַריינגאַנג דערהערט זיך אַ לויטערער קרעפטיקער קול וואָס קלינגט ווי אַ פאָרזעצונג פון דעם טרובאַדורס געזאַנג)

**קול:**

...גאָטס ערד האָט איר פאַר זיך פאַרנומען,
מיט תאווה האָט איר זי באַפאַרבט;
און באַ דעם מענטשן דאָרשט דער גומען,
און גאָט אין גאַס פון הונגער שטאַרבט...

(די פאַרזאַמלטע ווערן בלאַס. די מיליטערלייט טוען זיך אַ לאָז מיט בלויזע שווערדן צו דער טיר. דאָס קול דערהערט זיך פון אַן אַנדער זייט פון זאַל)

**קול:**

...איר האָט פאַרטראַכט, די מאַכט צו קריגן,
אַ יענע וועלט מיט שטראָף און שכר;
גאָטס זון, דעם מענטש, האָט איר דורך ליגן
פאַרוואַנדלט אין אַ בייזן האַר...

(די מיליטערלייט לאָזן זיך און דער ריכטונג פון קול)

**קול:**

(פון אַן אַנדער ווינקל)

...באַ אייך די בעסטע ווײנען פּלייצן,
און קינדער האָבן ניט קיין ברויט;
ווי בייזן הונט, אויף אָנצורייצן,
איר האַלט באַ זיך אויף קייט דעם טויט...
(די מיליטערלייט לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון קול)

**קול:**

(פון אַן אַנדער ווינקל)
...נאָר הערט ... נאָר הערט ... די קייטן פּלאַצן,
דער מענטש צו זיין באַשאַפער שפּאַנט;
אָ, הערט דעם הילך און רוף פון טאַצן,
אָ, זעט די גבורה פון זיין האַנט!...
(די מיליטערלייט לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון קול)
(פון דרויסן הערט זיך דאָס געפויק אויף טאַצן. טריט וואָס מאַר־שירן צום טאַקט)

**קול:**

(פון אַן אַנדער ווינקל)
...ער גייט די אַלטע ערד באַנייען,
אין בלוט האָט ער אַנטפּלעקט דעם סוד;
מיט האַס און ליבע — די כלי זין,
גייט ער באַפרייען זיך און גאָט...
(די מיליטערלייט לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון קול)
(פון דרויסן הערט זיך דאָס געפויק פון טאַצן. טריט מאַרשירן צום טאַקט. עס דערהערט זיך דאָס געקנאַל פון אַ דונער. אַ בליץ שניידט דורך די פינצטערניש. פון דעם אימפּעט ווערן אויסגעלאָשן די לאָמפּן. טומל, געשריי, געוויין. אַ שאַרפער קול שניידט דורך די פינצטערניש:)
קריסטוס!...

(דאָס בילד בייט זיך: אַ סקוועער. דער סקוועער איז אָנגעפילט מיט אומרו־איקן המון, גרייט אַרויסצופּלאַצן ווי אַ שטורעמדיקער ים. אינמיטן סקוועער שטייט אַ טריבונע. אין הינטערגרונט זעט זיך אַ גילאָטינע)

**מלוכה מאַן:**

עס לאָזט דער קעניג און די קעניגן אייך גריסן,
און שיקט אייך אַלעמען גאָטס ברכה מיט;
ס'האָט אייער גויט דעם קעניגס האַרץ צעריסן,
און רואיק לעבן קען דער קעניג ניט.
זיין ברויט איז זויער אים, זיין וואַסער — ביטער,
די ליכטיקייט פון טאָג גייט אים ניט איין;
דעם פירער פונם פאָלק, דעם בראַוון ריטער,
האָט שטאַרק געטראָפן אייער נויט און פיין.
ער בעט צו זון בייטאָג, ביינאַכט צו שטערן,
און עצהט זיך מיט זיינע קלוגע לייט;
נאָר גאָט, וואָס איז אין הימל, וויל ניט הערן,
און ווייזט אים ניט קיין רמז אויף דער צייט.
דרום רופט ער אייך איר זאָלט אַן עצה געבן,
און אייער שטים זאָל ווערן היינט געהערט;
קומט, העלפט צוזאַמען פאַרזעצן דאָס לעבן
אויף אונזער זינדיקער און בייזער ערד...

**שטימען פון המון:**

עס האָט דעם קעניגס האַרץ זיך אויפגעעפנט,
די ליידן פונם פאָלק האָבן דערגרייכט צו אים,
לעבן זאָל דער קעניג!...

**המון:**

לעבן זאָל דער קעניג!...

**מלוכה מאַן:**

עס רינגלען אונז אַרום אַ וועלט מיט שונאים,
און טשאַטעווען אויף אונז ווי הונגעריקע וועלף;
דער קעניג וויל אייך געבן פאָלק־פאַרוואַלטונג,
איר זאָלט אַליין באַשטימען אייער גורל,
נאָר ס'וויל די וועלט, די דרויסנדיקע, ניט דערלאָזן,
און דראָעט מיט אַרמייען אָנפאַלן אויף אונז;
דער אויסוועג איז אַ קריג, אַ הייליקן, דערקלערן!...

דער גורל אונזערער איז אין די הענט פון גאָט,
און אין די הערצער פון די בראַווע בירגער...
**שטימען פון המון:**
זאָל קריג דערקלערט ווערן! ... זאָל עס געשען נאָך היינט!...
**המון:**
זאָל קריג נאָך היינט דערקלערט ווערן די שונאים!...
(אויף דער טריבונע באַווייזט זיך דאַנטאָן)
**דאַנטאָן:**
(חזרט איבער דעם אויסגעשריי פון המון)
... זאָל קריג נאָך היינט דערקלערט ווערן די שונאים!...
גערעכט, און הונדערט מאָל גערעכט דער משפט!
נאָר וועלכע שונאים זאָלן מיר צוערשט דערקלערן קריג?
די פרינצן און די קעניגן פון דרויסן,
צי די וואָס פראַווען אָרגיעס אין פּאַלאַצן,
בשעת דאָס פאָלק גייט אויס פון נויט און הונגער?...
**שטימען פון המון:**
ניט לאָזט אַ פּאַטערלאַנד־פאַרעטער רעדן!...
**אַנדערע שטימען:**
רעד ווייטער, דאַנטאָן!...
**דאַנטאָן:**
ס'פאַלט תבואה צייטיקע נענוג אונטערן מעסער,
צו ווערן אויסגעבאַקט אין זוניק ברויט;
נאָר ס'איז פאַרשלאָסן הינטער טויזנט שלעסער,
און פריי שפּאַנט אום דער הונגער און דער טויט...
די זון פון הימל פלייצט מיט יונגן לעבן,
די ערד מיט שפע פלייצט, נאָר קומט און נעמט;
און פרייוויליק האָט איר דאָס אַלץ אוועקגעגעבן,
און בעט הכנעהדיק און בעטלעריש פאַרשעמט
אַ טראָפּן זון פאַר אייער גאַנצער פּראַצע,
אַ ברעקל ערד פאַר אייער גאַנצער מי;
און דאָרטן ווערט עס דאָך אויף גאָלדענע טאַצן
פאַרשיכורט אַלע נאַכט ביז אין דער פרי...

**שטימען פון המון:**

דער שונא האָט אים אָפּגעקויפט מיט געלד,
זאָל שטום ווערן ס'פאַרעטערישע צונג!...

**אַנדערע שטימען:**

רעד ווייטער, דאַנטאָן!...

**דאַנטאָן:**

אָ, פאָלק, דערוואַך, אָ, פאָלק, הער אויף צו שטאַרבן,
דיין גורל נעם אַריין אין דיינע הענט,
און ס'וועלן זיך צעזינגען אַלע פאַרבן,
ווי מאָרגנזון, אויף דעכער און אויף ווענט...
צום אויפשטאַנד, פאָלק, צו וואונדערלעכע טאַטן,
דעם גורל צום געבענטשטן סוף דערפירט;
זאָל קריג דערקלערט ווערן צו די אַריסטאָקראַטן,
נאָך היינט זאָל ווערן פרייהייט פּראָקלאַמירט!...

**המון:**

טויט צום קעניג!... טויט צו די אַריסטאָקראַטן!...
נאָך היינט זאָל פרייהייט ווערן פּראָקלאַמירט!...

(אַן אָפּטיילונג זעלנער מאַרשירט גלייך אין דער ריכטונג פון המון. דער המון צעטיילט זיך אינסטינקטיוו אין צוויי זייטן און לאָזט איי־בער אין דער מיט אַ ברייטן דורכגאַנג. די זעלנער מאַרשירן אַריין אין דער מיט פון די צוויי מחנות. בלייבן שטיין. אויף דער קאָ־מאַנדע פון זייער עלטסטן קערט זיך איין טייל זעלנער אום מיטן פּנים צו איין מחנה און דער צווייטער טייל זעלנער מיטן פּנים צו דער צווייטער מחנה, מיט אָנגעשטעלטע ביקסן)

**קאָמאַנדיר:**

פייער!...

**דאַנטאָן:**

האַלט!... אין וועמען שיסט איר?...
אין ברידער אייערע!...

(זעלנער בלייבן שטיין מיט די אָנגעשטעלטע ביקסן, אומבאַשטימט)

**קאָמאַנדיר:**

פייער, זאָג איך...
וואָס וואַרט איר, טויגעניכטסן?...
איר שפּילט זיך מיט די קעפּ, מיט אייערע...

**דאַנטאָן:**

ברידער זעלנער!... די מאַמעס אייערע, די טאַטעס,
שוועסטער, ברידער, ווילן עסן, לעבן,
און קומען מאָנען ברויט פאַר זייער פּראַצע!
פון וואַנען שטאַמט איר, ברידער? — פון אָרימען המון,
וואָס הונגער האָט אָט דאָ צונויפגעטריבן!
און וואָלטן נאָבללייט און קעניג ניט גערויבט
די פּראַצע זייערע און צוגעוואָרפן אייך
די דרייסיק זילבערשטיק, וואָלט איר אויך איצט
פאַרפייניקטע פון הונגער דאָ געשטאַנען
און געשריען: ברויט...
ברידער, באַטראַכט זיך וואָס איר טוט!...
עס שרייט צו אייך פאַרפייניקט ליב, פאַרגאָסן בלוט;
עס שרייט צו אייך די ערד, און גאָט אַליין:
— איר זאָלט קיין ברודער מאָרד דאָ ניט באַגיין!...

**קאָמאַנדיר:**

פייער, לומפּן!...
(די זעלנער שטעלן אַוועק די ביקסן אויף דער ערד, דער המון פּלאַצט אַרויס אין ווילדער פרייד)

**המון:**

ברידער!...
(רינגלען ארום די זעלנער. הויבן זיי אין דער לופטן. פאַלן איינע די אַנדערע אויף די האַלדזער).

**טרובאַדור:**

...עס גייט דער מענטש די ערד באַפרייען,
אין בלוט האָט ער אַנטפּלעקט דעם סוד;
מיט האַס און ליבע — די כלי זין
גייט ער באַפרייען זיך און גאָט...

**המון:**

(כאַפּט אונטער דאָס געזאַנג)

**זעלנער:**

(שיסן אויס אין דער לופטן ווי אַ וואָרנונג פון אָנקומענדיקן שטורעם)

(דאָס בילד בייט זיך: עס באַווייזן זיך פּויקן־קלאַפּער. נאָך זיי וועגענער. אויף די וועגענער זיצן, מיט די הענט פאַרבונדענע אויף הינטן, מענער און און פרויען, וועמען דער צאַר פון פאָלק האָט פאַרמשפּט צום טויט. עס לויפט נאָך זיי אַ המון פון מענער, ווייבער און קינדער, מיט זידלע־רייען, מיט ווילדע אויסגעשרייען. פון דער ווייטנס זעט זיך ווי דער מעסער פון דער גילאָטינע גייט אַלע ווײַלע אַראָפּ און אַרויף. אויף דער טריבונע ווי פריער שטייט דאַנטאָן. אויף איינעם פון די וועגענער שטייט שטאָלץ, מיט האָר צעפּאַלענע איבער די אַקסלען, אַ יונגע שיינע פרוי, און קוקט שאַרף אין דער ריכטונג פון דאַנטאָנען)

**דאַנטאָן:**

האַלט! ...

(די וועגענער בלייבן שטיין. די פּויקן־קלאַפּער הערן אויף צו קלאַפּן אויף די פּויקן. דער המון ווערט שטיל)

**דאַנטאָן:**

(צו עטלעכע סאַנקולאָטן וואָס שטייען נעבן דער טריבונע)

די פרוי אויף יענעם וואָגן,

ברייגנט זי אַרויף אַהער אויף דער טריבונע!

**סאַנקולאָטן:**

(אומבאַשטימט. קוקן אָט אויף דאַנטאָנען, אָט אויף דעם המון, קע־נען זיך ניט באַשליסן)

**דאַנטאָן:**

וואָס שטייט איר? ... דאַנטאָן באַפעלט! ...

דאַנטאָן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים!

**סאַנקולאָטן:**

(נעמען אַרונטער די פרוי פון וואָגן. ברייגען זי אַרויף אויף דער טריבונע, שטעלן זי אַוועק אַנטקעגן דאַנטאָנען)

**דאַנטאָן:**

בינדט אויף די הענט!

**סאַנקולאָטן:**

(בינדן אויף דער פרויס הענט)

**דאַנטאָן:**

(צו די סאַנקולאָטן)

איר האָט די אַרבעט אייערע פאַרענדיקט!

(די סאַנקולאָטן גייען אַרונטער. יונגע פרוי און דאַנטאָן שטייען

און קוקן זיך אָן שאַרף איינער דעם אַנדערן. געשפּאַנטע שטילקייט)

**יונגע פרוי:**

וואָס פאַר א נייע טייוול־שפּיל

האָט איצט פאַרטראַכט דאַנטאָן?

**דאַנטאָן:**

דאָס שפּיל פון לעבן קעגן טויט!...

**יונגע פרוי** (סאַרקאַסטיש):

דאַנטאָן פון לעבן רעדט!

טו א קוק, דאַנטאָן, אהין, אין יענער זייט...

(פון דער ווייטן זעט זיך דער גילאָטינע־מעסער גיין אַראָפּ און אַרויף)

**דאַנטאָן:**

דאָס איז דער האָס דער אָנגעזאַמלטער פון דורות,

וואָס עס קאָן אפילו א דאַנטאָן צוריק ניט האַלטן...

**יונגע פרוי:**

דאַנטאָן גיט צו, ער איז פון טויט דער מייסטער,

ווען עס קומט צום לעבן, איז ער שוואַך ווי איך...

**דאַנטאָן:**

דאַנטאָן איז שוואַך געווען,

ווייל ער האָט ביז א מינוט צוריק נאָך ניט געהאַט געפונען

אין זיך דעם כוח וואָס איז שטאַרקער פונם טויט;

נאָר איצט ניט מער!

דאַנטאָן ווערט איצט דער מייסטער פונם לעבן!...

**יונגע פרוי:**

וואָס פאַר אַ נייעם כוח האָט אַנדעקט דאַנטאָן?

**דאַנטאָן:**

ליבע!...

**יונגע פרוי:**

דאַנטאָן פון ליבע רעדט!...
אַ שיינע פּאַנאָראַמע פאַר ראָמאַנטיק!...
אָ הימל, לאַך!...
אָ, ערד, לאָז הערן דיין געלעכטער!...
(צעלאַכט זיך היסטעריש)

**דאַנטאָן:**

אָ, גלויב מיר, פרוי, אָ, גלויב מיר, ס'רעדט מיין בלוט,
וואָס דו האָסט מיט דיין ליכטיקייט געצונדן;
איך האָב געזוכט דעם וועג צום סוד אין מיר,
צום מענטש אין מיר, צום בלוט וואָס לאָזט ניט רוען,
און ס'האָט דער וועג געפירט דורך קאַטאַקאָמבן,
דורך פינצטערניש, דורך זון, דורך טויט,
ביז דו האָסט זיך באַוויזן פון דער ווייטן,
און אויפגעזונגען האָט דאָס בלוט אין מיר,
און אויפגעלויכטן האָט פאַר מיר דער וועג,
ווי זון, דעם פערטן טאָג פון יצירה...
אָ, פרוי, איצט בין איך מייסטער פונם לעבן!...
וואָס איז געווען, זאָל אין דעם תהום פאַרגעסנקייט אוועק,
פאַרשווינדן פון זכרון ווי אַ בייזער חלום;
איצט קען איך שטעלן זיך אַנטקעגן טויט!...

**יונגע פרוי:**

דאַנטאָן, די גילאָטינע וואַרט אויף דיר!...
(כאַפּט אַרויס פון בוזים אַ פלעשעלע גיפט)
נאַ, טרינק אויס האַלב,
און איך די צווייטע העלפט וועל טרינקען...

**דאַנטאָן:**

(נעמט די פלעשעלע גיפט, טוט עס אַ שליידער פון זיך)
דאַנטאָן איז ניט קיין פּחדן!
אויב ס'איז באַשערט דעם קאָפּ אַוועקצולייגן,
וועט ער עס טאָן מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז ער האָט
דעם וועג, דעם ריכטיקן, צום סוד געפונען...
(המון ווערט אומגעדולטיק)

**שטימען פון המון:**

ווער שטערט דעם יום טוב פון בלוט?!
דעם יום טוב פון פרייד און באַפרייאונג?!
וואו זיינען די פּיקלער?... זעצט פאַר
דעם וועג צו דער סאַנקט גילאָטינע!...

**המון:**

צו דער סאַנקט גילאָטינע!...

**דאַנטאָן:**

גענוג... דאַנטאָן זאָגט גענוג!...
דערטרינקט ניט אין בלוט אייער פרייהייט!
איר האָט זי געבוירן אין האַס,
איצט דאַרף זי די וואַרימקייט האָבן
פון ליבע, צו לעבן און וואַקסן...
(אויף דער טריבונע כאַפּט זיך אַרויף ראָבעספּיער)

**ראָבעספּיער:**

דאַנטאָן איז אונז פּלוצלינג געוואָרן
ווייכהאַרציק און צאַרט, ווי אַ פרוי;
וואָס איז דאָס געשען מיט דאַנטאָנען?
אַ קלאָרע, אַ פּשוטע זאַך:
דער קאָפּ פון פּאַראַט, מיינע ברידער,
איז נאָך ווייט ניט אָרונטערגעהאַקט;
און כל זמן פּאַראַט האָט נאָך לעבן,
איז פרייהייט פון פאָלק אין געפאַר...

**דאַנטאָן:**

ווער וואַגט אַזוי פריי מיר צו וואַרפן
אין פּנים דאָס העסלעכע וואָרט?!
דאַנטאָן פון דער ערד איז געוואַקסן,
ווי בוים און ווי ברויט און ווי פאָלק;
און ס'פירט אים זיין וועג, ווי געצייכנט,
דער וועג פונם פאָלק צו דער זון...
דער האַס פונם פאָלק איז באַרעכטיקט,
נאָר האַס מוז מען צוימען אין צייט;
אַז ניט קען די קאָפּ פון דער פרייהייט
פאַרבלוטיקן אונטער דער האַק...

**ראָבעספּיער:**

דאָס פאָלק האָט די מאַכט דיר נעגעבן,
איצט רעדסטו אַנטקעגן דעם פאָלק;
ווער וויים וואָס עס איז אַזוינס פרייהייט,
נאָך בעסער ווי ס'פאָלק ווייס אַליין?
דאָס האַרץ פונם פאָלק קאָן ניט גרייזן,
דער ווילן פון פאָלק, דאָס איז גאָט;
עס איז אויפן וועג צו באַווייזן
דאָס וואונדער פון געטלעכן סוד...
און דער וועלכער שטעלט זיך אַנטקעגן
זיין ווילן, מיט וואָרט צי מיט טאַט,
דער שטיינער ליגט אים אויף די וועגן,
און ס'רופט זיך זיין נאָמען: פאַראַט!...
דער גורל פון פאָלק אינם פאָלק ליגט,
זאָל זאָגן דאָס פאָלק וואָס עס וויל!...

**המון:**

צו דער סאַנקט גילאָטינע!...

**ראָבעספּיער:**

דאָס פאָלק קען גוט דעם סוד פון אייגן האַרץ,
עס וועט דאָס פאָלק אַליין זיך ניט פאַראַטן!...
דאַנטאָן, האָסט בלויז האַלב וועג געלאָזט זיך גיין,

קיין ליבע פלאַנצט מען ניט וואו ס'וואַקסט נאָך שנאה;
דו האָסט דיין פסק גענומען זיך אליין,
האָסט זיך אליין געבראַכט דער גילאָטינע...

**המון:**

צו דער סאַנקט גילאָטינע!...

**דאַנטאָן:**

דאָס פאָלק האָט ליב, און ווייס נאָך ניט דערפון,
זיין ליבע, פון דעם יאַם, איז ברייטער, טיפער,
און ליכטיקער און וואַרימער ווי זון,
נאָר עס איז נאָך ניט קיין אויפגעלייזטער ציפער...
אָ, היט זיך, ראָבעספיער, זיי אויף דער וואַך!
ס'איז פלאַץ געגוג פאַראַן אָן דאָרטן אויפן וואָגן;
ווען ס'גרייכט די ליבע פונם פאָלק די אויבערפלאַך,
וועסטו דיין קאָפּ אַהין צו מיינעם טראָגן...

**ראָבעספיער:**

אָ, הערט אים ניט! פאַראַט האָט שיינע רייד,
און קען מיט סענטימענט ביז טרערן רירן;
אָ, פאָלק, האָסט אויפגעפראַלט דעם קוואַל פון פרייד,
עס וועט דיך ביז צו גאָט אליין דערפירן...

**המון:**

צו דער סאַנקט גילאָטינע!...

(עטלעכע סאַנקולאָטן כאַפּן זיך אַרויף אויף דער טריבונע, נעמען די יונגע פרוי, בינדן איר די הענט אויף הינטן. אַנדערע גייען צו צו דאַנטאָנען, ווילן אים בינדן די הענט)

**דאַנטאָן:**

מען דאַרף ניט! איך ווייס אליין דעם וועג!..

(שפּאַנט אַרונטער פון דער טריבונע און לאָזט זיך גיין מיט זיכערע טריט אין דער ריכטונג פון דער גילאָטינע. די פּייקלער הויבן ווידער אָן צו פּייקלען. די פּראָצעסיע נעמט זיך רירן. דער המון פלאַצט ווידער אויס אין ווילדע אויסגעשרייען. אויף דער טריבונע, מיט איין האַנט פאַרלייגט אויפן בוזים, די צווייטע אַרונטערגעלאָזט, בלייבט שטיין ראָבעספּיער קאַלט און שטאָלץ, ווי אַ סטאַטוע)

(דאָס בילד בייט זיך: אַ גרויסער אמפיטעאַטער וואָס עפנט זיך צו אַ גרויסן, אָפענעם פּלאַץ. עס זיצן אויסגעזעצט די פּאָלק פאַרטרעטער וואָס שטעלן צענויף די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. עטוואָס העכער, אויף אַ טרי־בונע, שטייט ראָבעספּיער. אויף איין זייט פון דער טריבונע שטייט אַ פּאַפּירענע סטאַטוע וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַטעאיזם און אַנאַרכיע; אויף דער צווייטער זייט שטייט אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע, וואָס שטעלט פאָר ווייזהייט און גלויבן. המון, אָנ־געטאָן אין יום־טובדיקע קליידער, פילט אָן דעם פּלאַץ. עס ווערט געפייערט דער יום־טוב פון באַפרייאונג, וואָס ראָבעספּיער רופט אָן „דער יום־טוב פון העכסטן וועזן")

**שטימען פון המון:**

(זינגען)
ראָבעספּיער, ראָבעספּיער, אונזער ראָבעספּיער,
מאַן פון פּאָלק, פרייהייטס־מאַן, דו האָסט אונז דערלייזט.
ראָבעספּיער, זיי געבענטשט, אונזער ראָבעספּיער...

**המון:**

(כאַפּט אונטער דאָס געזאַנג און עס צעקלינגט זיך איבערן גאַנצן סקווער)

**ראָבעספּיער:**

(הויבט אויף אַ האַנט אין דער לופטן. אַ געשפּאַנטע שטילקייט)
מיר פּראָקלאַמירן היינט דער וועלט אַ נייעם יום־טוב,
דעם יום־טוב פון פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט,
וואָס איז דער גרונט־געדאַנק פון העכסטן וועזן;
ווען דאָס העכסטע וועזן האָט דעם מענטשן אויסגעפורעמט,
האָט ער געזאָגט צו אים: דו ביזט מיין צווייטע העלפט,
איך האָב אין דיר אַריינגעלייגט די וויזיע פון מיר,
אין בלוט דיינעם פאַרפלאַנצט נאָך מיר די בענקשאַפט;
דורך מאַטערניש און פּיין בין איך צו דיר דערגאַנגען,
דורך מאַטערניש און פּיין וועסטו דערגיין צו מיר.
איך האָב באַשאַפן און צעשטערט, צעשטערט און נאָכאַמאָל באַשאַפן,

און אַז דו ביזט אַרויס פון אונטער מיינע הענט,
האָב איך פאַרלוירן איבער דיר די שליטה;
און דו אַליין געוואָרן ביזט באַשעפער,
און דערפסט אין מאָס פון צייט באַשאַפן מיך...
ס'איז ערד און הימל איינס, און דו און איך — איז איינס;
צוויי העלפטן מוזן זיך באַגעגענען און ווערן איינס...
דער מענטש האָט דאָס געשריי דערהערט ביי זיך אין בלוט,
און האָט געגומען זוכן גאָט אויף אַלע וועגן:
דורך פריסטער און דורך קעניג, דורך לייקענער און צווייפלער,
דורך אָרים און דורך רייך, דורך מאַכט און דורך הכנעה;
נאָר שטענדיק האָט איין ליכט געלויכטן, ווי די זון,
דאָס ליכט וואָס האָט געפירט די האַנט פון העכסטן ווען:
דאָס גלויבן אינם איינס — איין מענטשהייט, גלייך, פאַרברידערט;
דער צווייפלער און דער לייקענער איז טויט!
דאָס גלויבן לעבט, דאָס פאָלק, דער מענטש, דאָס העכסטע ווען,
וואָס פייערט היינט זיין יום־טוב פון דערקענונג!...
(אַ סאַנקולאָט טראָגט איס צו אַן אָנגעצונדענע ליכט. ראָבעספיער צינדט אונטער מיט דעם די פאַפירענע סטאַטוע. זי גיט אַ פלאַקער אויף. דער המון פלאַצט אויס אין ווילדער פרייד)

**המון:**

פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט!...

**ראָבעספיער:**

נאָר איין זאַך טאָר מען ניט פאַרגעסן אויף קיין רגע:
עס לויערט נאָך פאַראַט פון ווינקלען און פון שפּאַלטן,
ער שאַרפט נאָך זיינע ציין און וועט נאָך טאָן אַ שפּרונג,
ער האָט בלויז אויף אַ וויַיל דעם קאָפּ זיינעם באַהאַלטן;
נאָר אויסראָטן פון אים די לעצטע גאַל און שנאה
וועט אויף דעם פאָלקס באַפעל סאַנקט גילאָטינע!...

**המון:**

סאַנקט גילאָטינע!... סאַנקט גילאָטינע!...
ראָט אויס דאָס פאַראַט און די גאַל און די שנאה...

**קָול:**

(פון צווישן די פָאלקס־פאַרטרעטער)

די גילָאטינע שטעל אָפּ!

האַקסט אָפּ בא דער מענטשהייט דעם קאָפּ!...

**ראָבעספיער:**

ווער וואגט קעגן פּאָלק זיך צו שטעלן?!

**נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג:**

(שטעלט זיך אויף ווי איין מאַן)

די גילָאטינע שטעל אָפּ!...

**דעפּוטאַט:**

(כאַפּט זיך אַרויף אויף דער טריבונע)

ברידער, מיר האָבן פאר פרייהייט,

מיט אונזערע לעבנס באצאָלט,

איצט לאָזט איר אַן אנדערן הערשער,

פאַרכאַפּן די מאכט איבער אייך!

מיר האָבן אנטדעקט אַ פארשווערונג,

אַ בריוו־וועקסלונג, אַט איז עס, זעט:

עס באַט אַן בריטאַניעס קעניג

ראָבעספיערן דעם גאָלדענעם טראָן!...

**המון:**

(הויבט אָן מורמלען)

**ראָבעספיער:**

אַ ליגן!... אַ ליגן!... פּאַראַט!...

אָ, רייסט אוים די צונג פון פאַרעטער!...

**דעפּוטאַט:**

עס שטאַרבט די פרייהייט אויף דער גילָאטינע,

אַנשטאַט ברידערלעכקייט האָט איר פאַרדאַכט;

ער האָט פון דער פרייהייט און גלייכהייט,

אַ בלוטיקע יאַטקע געמאַכט!...

ס'איז קיינער פון אונז מער ניט זיכער,

צו טראָגן נאָך מאָרגן דעם קאָפּ;

הים די בלוטיק־געוואונענע פרייהייט,
די גילאָטינע שטעלט אָפּ ! . . .

**נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג :**

די גילאָטינע שטעלט אָפּ ! . . .

**המון :**

(כאַפּט אונטער דאָס געשריי)
די גילאָטינע שטעלט אָפּ ! . . .
טויט צו פאַרשווערער פון פאָלק ! . . .
זאָל לעבן די פרייהייט ! . . .

**ראָבעספּיער :**

אָ, פאָלק, ביזט פאַרלוירן ! . . .
(אויפן צייכן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג הויבן אָן די פּייקלער צו פּויקן)

**דעפּוטאַט :**

דאָס בלוט פון דאַנטאָנען מאָנט חשבון ! . . .
(עטלעכע סאַנקולאָטן כאַפּן זיך אַרויף אויף דער טריבונע, בינדן ראָבעספּיערן די הענט אויף הינטן. נעמען אים פירן צו דער גילאָטינע)

**המון :**

זאָל לעבן די פרייהייט ! . . .
(דאָס בילד בייט זיך : אויף אַ טריבונע שטייט די גילאָטינע. פון אונטער דער גילאָטינע גייען אויף די געשטאַלטן פון דאַנטאָנען און ראָבעספּיערן)

**דאַנטאָן :**

וואָס טוסטו דאָ אַזוי גיך, ראָבעספּיער ?

**ראָבעספּיער :**

כ'האָב געוואָלט זיי דערפירן צו גאָט,
צו דעם אורקוואַל פון פרייהייט און ליכט . . .

**דאַנטאָן :**

ווי קענען זיי גרייכן צו גאָט,
אַז זיי האָבן נאָך מענטש ניט דערגרייכט ?
אַז זיי טאַנצן נאָך ווילדע פאַר פרייד,
ווען דאָס בלוט פונם האַלדז טוט אַ שפּריץ ! . . .

אַז פרייהייט באַ זיי מיינט נאָך טויט,
און דער וועג צו דער פרייהייט איז האַס, —
ראָבעספּיער, האָסט געשוועבט אין דער לופטן,
און פאַרפעלט צו באַמערקן די גאַס...

**ראָבעספּיער:**

כ'האָב געוואָלט ביז צום וואָרצל פאַרשניידן,
דאָס האַס וואָס אין האַרץ באַ אים שטעקט;
אַז ס'זאָל קענען דאָס ליכט פון גאָטס ליבע,
וואָס לעבט אין אים, ווערן אַנטפּלעקט...

**דאַנטאָן:**

ניט דורך מעסער ווערט ליבע געבוירן,
ליבע לעבט ניט אין בלוטיקן רייך;
ס'האַקט דאָס מעסער די קאָפּ פון דער שנאה
און ליבע אַרונטער צוגלייך...

(די גילאָטינע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טראַנסמיסיע און נעמט זיך
באַוועגן איבער די קעפּ פון דאַנטאָנען און ראָבעספּיערן)

**ראָבעספּיער:**

דאַנטאָן! ... וואָס איז דאָס? ... הערסט? ...
כ'הער געזאַנג, ווי ס'וואָלט קומען פון גאָט...

**דאַנטאָן:**

ס'איז פון דאָרט... פון המון...

**ראָבעספּיער:**

פון המון, וואָס האָטביידן געקעפּט?

**דאַנטאָן:**

ס'זיינען ביידע געשטאַנען אין וועג,
איינס דעם צווייטן געשטערט אינם גאַנג,
און פון ביידן געוואָרן איז איינס,
איז געבוירן געוואָרן געזאַנג...

(פּאָרהאַנג)

# דאָס לעצטע געראַנגל

געשטאַלטן :

משוגענער
אַלטע פרוי
אַלטער מאַן
יונגע פרוי
אַרבעטער
ערשטער יונגערמאַן
צווייטער יונגערמאַן
קול
זעלנער
קאָמאַנדיר
המון
מאַרקס
פאַרזאַמלטע
היטלער
געשטאַלט פון מאַשין
געשטאַלט פון ערד
געשטאַלט פון וואַסער
געשטאַלט פון פייער
געשטאַלט פון לופט

(אַ גרויסע פאַבריק. פון אינעווייניק הערט זיך דאָס רויש פון די טראַנס־מיסיעס. אַרום דער פאַבריק אַ גרויסער, ליידיקער פּלאַץ אָנגעפילט מיט מענער, ווייבער, אַלטע לייט, קינדער, פאַראָרימטע, פאַרהונגערטע, וועמען די מאַשין האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס — אַ הילפ־לאָזע, צעשראָקענע מאַסע. געוויין פון קינדער)

**אַלטע פרוי :**

קריסטוס, אונזער האַר, האָט זיך אָפּגעקערט פון אונז,
זיין לויטערע געזיכט פון אונז פאַרבאָרגן ;
ער האָט זיין הימל־טיר פאַרמאַכט פאַר אונזערע תפילות,
איצט האָט דער טייוול געקראָגן די ממשלה.

פאַר וועמעס זינד, אָ, גאָט, וואָס האָבן מיר געטאָן ?
מיר האָבן דאָך געאַרבעט שווער, געבראַכט צו דיר קרבנות,
געטאָן וואָס דיינע פּריסטער האָבן אונז געהייסן,
אַז וויי איז אונז, אַז וויי איז אונז...

**המון:**

אַז וויי איז אונז... אַז וויי איז אונז...

**אַלטער מאַן:**

פאַר ז י י ע ר ז י נ ד.
זיי האָבן ניט אויסגעפאָלגט זיין הימלישן געבאָט,
פון בלוט און לייב האָבן זיי גאָלד געמאַכט,
און קריסטוס, אונזער האַר, האָט זיך געהייסן טיילן מיטן אָרימאַן,
איצט האָבן זיי אַ נייעם טייוול אויסגעטראַכט,
ווער וועט ראַטעווען ?

**המון:**

ווער וועט ראַטעווען ?...

**משוגענער:**

קיינער ניט !...
איר האָט דען ניט געהערט ?
געשטאָרבן גאָט... ניטאָ...
דער דאַמף האָט אים דערשטיקט...
דער טייוול האָט געזיגט,
ווייל איר האָט אים געוואָלט...
ווייל איר האָט אים געבראַכט,
ווייל איר האָט אייער מאַכט
פאַרקויפט פאַר גראָשנס לוין,
פאַר הייליק־וואַסער־שפּריץ,
אוועקגעשענקט גאָטס קרוין...

**אַלטער מאַן:**

משוגענער, אוועק!...
גאָטס שטראָף אָן דיר איז גרויס!...

**משוגענער:**

איך דאַרף אייך ניט, איר הערט?
אַרונטער פון דער ערד,
אז ניט וועל איך מיט שווערד
זי רייניקן פון אייך;
ניטאָ בא מיר אין רייך
פאַר אַלעמען קיין אָרט,
נאָר שטאַרקע וואוינען דאָ,
די שוואַכע גייען דאָרט...
(ווייזט אָן מיט אַ פינגער אין הימל)

**אַלטע פרוי:**

אָ, גאָט, מאַך אים שטום, פאַרברען אים די צונג,
דו לעבסט גאָט, דו לעבסט, ווייל מיר גלויבן אין דיר,
דו שיקסט דאָך די זון אַלע טאָג אויף דער וועלט,
דו שפייזט דאָך דעם וואָרים וואָס קריכט אויף דער ערד,
דו שיקסט דאָך דעם גרעזל זיין רעגן אין צייט,
פאַרשעם ניט, אָ גאָט, מיין גאָט, אונזערע הענט,
וואָס זוכן נאָר וואַסער און ברויט אין דיין ערד,
אָ גאָט, ווייז דיין מאַכט, שיק אַ פייער אַראָפּ,
און פאַרברען אים, צעשטער אים, דעם טייוול, דעם דאַמף...

**המון:**

אָ גאָט, ווייז דיין מאַכט, שיק אַ פייער אַראָפּ,
און פאַרברען אים, צעשטער אים, דעם טייוול, דעם דאַמף...

**יונגע פרוי:**

(האַלט אַן עופּהלע אויף די הענט. צעשרייט זיך היסטעריש)
געשטאָרבן!... דאָס קינד איז געשטאָרבן!... מערדער!...

**משוגענער:**

גאָט איז געשטאָרבן... דער דאַמף איז איצט גאָט...
דער דאַמף האָט געבאָטן דאָס עלפטע געבאָט:
פאַרוואַנדל אין גאָלד און אין זילבער דאָס בלוט,
דאָס לעבן איז אַלץ, און דער טויט אַ מינוט...
(פון אַ זייטיקן אַריינגאַנג צו דער פאַבריק קומען אַרויס עטלעכע אַרבעטער)

**המון:**

וואָס הערט זיך? וואָס האָט ער געזאָגט?

(די אַרבעטער שטייען מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ און שווייגן)

**המון:**

וועט ער אוועקשיקן די דאַמף־מאַשין,

און אונז צוריק די אַרבעט אונזערע געבן?

**ערשטער אַרבעטער:**

די מאַשין בלייבט! דערווייל וועט אַרבטן

אַ צענט־חלק פון אונז. די אַנדערע ניין־צענטל

מוזן וואַרטן, האָבן געדולט,

ביז עס וועט די מאַשין אַנטוויקלען זיך,

די מערק פאַרברייטערט, די פאָדערונגען אויף די סחורה גרעסער,

דאַן וועט פאַר אַלעמען זיין אַרבעט.

**המון:**

און וואָס וועלן מיר עסן ביז דאַן?

**אַרבעטער:**

דאָס האָט ער ניט געזאָגט.

**המון:**

און ווי וועלן מיר לעבן ביז דאַן?

**אַרבעטער:**

ער האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט.

**המון:**

און ווי וועלן מיר דערנערן אונזערע קינדער ביז דאַן?

**אַרבעטער:**

ער האָט געשוויגן וועגן דעם.

**המון:**

און מיט וואָס וועלן מיר אונזערע טויטע באַגראָבן ביז דאַן?

**אַרבעטער:**

ער זאָגט: איין גאָט וויים...

**המון:**

ער האָט אַ בונד געשלאָסן מיטן טייוול,

און רעדט פון גאָט, דער מערדער!...

**יונגע פרוי:**

(כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ טרעפּל וואָס פירט צו דער פאַבריק, מיטן טויטן קינד אויף די הענט)

שוועסטער, ברידער, עס וועט דער טייוול דאַמף,
אונז אויסראַטן ווי מייז, ווי וואַנצן
וועט ער אונז אַלעמען דערקוועטשן;
לאָמיר זיך שטעלן קעגן טויט!...

**המון:**

קעגן טויט!...

**יונגע פרוי:**

עס האָבן מאַמעס אונז געבוירן אויף צו לעבן,
און מיר געבערן קינדער אויף צו לעבן, און אָט...
(הויבט אויף דאָס טויטע קינד אין דער לופטן)
דער טייוול דאַמף האָט אונז געבראַכט דעם טויט,
דער טייוול דאַמף איז אונזער שונא,
לאָמיר דערקלערן קריג דעם טייוול אין גאָטס נאָמען,
לאָמיר זיך צוזאַמענגעמען, שוועסטער, ברידער,
און שטורעמען די פאַבריק, צעברעכן די מאַשין,
דעם טייוול דאַמף צעשטערן...
מיר ווילן אַרבעט!...
אַרבעט ווילן מיר!...
לעבן ווילן מיר!...

**המון:**

צעברעכן די מאַשין!...
דעם טייוול דאַמף צעשטערן!...
אַרבעט ווילן מיר!...
לעבן ווילן מיר!...

**יונגע פרוי:**

מיר, אָדער די מאַשין!...
עס קענען ביידע זייט בא זייט ניט לעבן!
דער וואָס פאַרלירט דאָס לעבן,

דאָס לעבן דער געווינס, —
אַזוי האָט קריסטוס, אונזער האַר, געבאָטן!...
פאַר אונזערע קינדער, לאָמיר איינשטעלן דאָס לעבן!...
צו דער פאַבריק!... די טירן ברעכן!...

**המון:**

צו דער פאַבריק!... די טירן ברעכן!...
מיר, אָדער די מאַשין!...

(דער המון לאָזט זיך צו די טירן פון דער פאַבריק. אויפן טרעפּל כאַפּט זיך אַרויף אַ יונגערמאַן)

**יונגערמאַן:**

האַלט!... וואָס טוט איר?!...

**המון:**

(בלייבט שטיין געפּלעפּט)

**יונגערמאַן:**

וואָס טוט איר, פרעג איך?
קענט ווען קעמפט איר?
גאָט ווילט איר צעשטערן?!...

**יונגע פרוי:**

גאָט, רופסטו דעם מחבל
וואָס האָט די אַרבעט אונזערע גערויבט,
געלאָזט אונז אָן אַ ביסן ברויט זיך צו דערנערן!...

**יונגערמאַן:**

און ביז דער דאַמף־מאַשין,
זענט איר ניט אויסגעשטאַרבן ווי הונגעריקע מייז,
פאַרמוטשעטע פון לאַנגער, שווערער אַרבעט?
האָט איר די קינדער אייערע ניט געלאָזט
פאַרמאַטערן צום טויט באַם וועבשטול?

**יונגע פרוי:**

ניט אונזער שולד!

**המון:**

ניט אונזער שולד!...

**יונגערמאַן:**

יאָ אייער שולד!
האָט גאָט די ערד דעם מענטשן ניט געגעבן?
האָט ער אים ניט געזאָגט: די ערד איז דיין,
ניי, נעם זי דיר, און זי וועט דיך דערנערן?
האָט ער אייך ניט געגעבן זונענשיין?
האָט ער דען ניט פאַר אייך באַשאַפן שטערן?
וואָס האָט איר מיט דער ערד געטאָן?
וואָס זענט איר, מענטשן, אָדער ניט?

**אַלטער מאַן:**

ס'האָט קריסטוס, אונזער האר, די ערד פאַרלייקנט,
געהייסן תפילה טאָן צו גאָט אין הימל...

**יונגערמאַן:**

א ליגן! איר האָט די ערד, פאַרביטן אויף א ליגן!
ס'האָט קריסטוס גאָט געוואָלט אראָפּברייגנגען צו אייך,
און איר האָט גאָט פון זיך כסדר נאָר געטריבן;
און איצט, אז גאָט האָט זיך צו אייך באַוויזן,
האָט איר אים ווידער ניט דערקענט...

**אַלטער מאַן:**

גאָט פייניקט ניט!...
גאָט קען ניט פייניקן די קינדער זיינע!...
גאָט וועט ניט צונעמען דאָס שטיקל ברויט בא זיינע קינדער,
און לאָזן זיי פון הונגער אויסגיין...
דאָס איז דעם טייוולס ארבעט!...

**המון:**

דעם טייוולס ארבעט!...

**יונגערמאַן:**

גאָט פייניקט ווען מען וויל אים ניט פאַרשטיין,
גאָט האָט פרייהייט ליב, און איר זענט שקלאַפן,
און כל זמן איר זענט שקלאַפן, איז גאָט ניט פריי!...
און כל זמן ער איז ניט פריי, וועט ער אייך פייניקן,

דורך פעסט, דורך קראַנקהייטן, דורך הונגער, דורך מלחמות,
ביז איר וועט אים דערקענען סוף כל סוף,
ביז איר וועט אים אין אייער האַרץ דערפילן,
און איר וועט אים, דורך זיך, באַפרייען...

**אַרבעטער:**

ווי קענען מיר באַפרייען זיך און אים,
אַז הונגער צערט אונז אויס, אַז פעסט דערשלאָגט אונז?...

**המון:**

אַז הונגער צערט אונז אויס, אַז פעסט דערשלאָגט אונז?...

**יונגערמאַן:**

עס צערט אייך אויס די נויט, ווייל אייער ציל איז ברויט,
און דאַרפן דאַרף עס פרייהייט זיין...
איר ווילט אַ וועבשטול אין אַ ווינקל פון פאַבריק
וואו איר זאָלט קענען זונשיין גאָטס פאַרקויפן
פאַר אַ שטיקל ברויט, ווען אייערס איז די ערד!
גאָטס ברכה אין דער פרייהייט ליגט,
די שפע פון דער ערד, די היילונג פון דער פעסט,
דער סוד פון אייביק לעבן ליגט אין איר...

**אַרבעטער:**

עס האָט דער דאַמף אונז מערער נאָך פאַרשקלאַפט,
מיר ווילן זיך פון דער מאַשין באַפרייען!...

**המון:**

פון דער מאַשין באַפרייען!...

**יונגערמאַן:**

איר ווילט פון גאָט באַפרייען זיך!...
ער וועט ניט לאָזן!...
איר האָט עס יאָרן טויזנטער געוואָלט,
פון זינט ער האָט אויף שטיין מיט פייער
זיך אַנטפּלעקט פאַר אייך...
און ס'איז אייך ניט געלונגען!...
ווייל איר זענט גאָט, און איר וועט אייך קיינמאָל ניט

פון אייך אַליין באַפרייען! ...
דער דאַמף איז גאָט, ווייל איר האָט אים געבוירן,
ס'האָט אייער מוח זיך צו אים דערטראַכט;
ער איז געקומען עפענען פאַר אייך די טויערן
צום סוד, וואו עס באַגעגענען זיך טאָג מיט נאַכט,
וואו עס באַגעגענען זיך טויט מיט לעבן...

**יונגע פרוי:**

אויב דאַמף איז גאָט, זאָל ער דאָס קינד
מיר מאַכן לעבעדיק! ...

**אַרבעטער:**

זאָל ער אונז געבן אַרבעט, ברויט! ...

**המון:**

זאָל ער אונז געבן ברויט! ...

**יונגערמאַן:**

איר ווילט אַ נס! ... מן פון הימל ווילט איר! ...
און גאָר די ערד איז דאָך פאַרזייט מיט מן;
דער דאַמף איז עס געקומען העלפן אויפצוזאַמלען! ...

**אַלטער מאַן:**

ער זאַמלט אויף און האַלט עס הינטער שלעסער!

**יונגערמאַן:**

ניט ער! דער טייוול האַלט עס דאָרט!
דע שלעסער ברעכט! די ווענט צעוואַרפט, די טירן,
און נעמט דעם מן, וואָס גאָט האָט אייך פאַרגרייט;
די דאַמף־מאַשין אָבער זאָלט איר ניט רירן,
זי טראָגט אייך גליק און זון און רו און פרייד...

**המון:**

זי האָט פאַרשנעלערט צענפאַך נאָר דעם טויט! ...

**יונגערמאַן:**

זי וואַרט אויף אייך, איר זאָלט איר פרייהייט געבן,
ווייל אויך מאַשין וויל לעבן פריי און אומגעשטערט;
און זי וועט בענטשן אייך מיט זון און לעבן,
און מיט דער שיינקייט פון דער גאָרער ערד...

**אַרבעטער:**

ווי זאָלן מיר באַפרייען די מאַשין,
אַז שוואַך זיינען מיר זיך אַליין באַפרייען? ...

**יונגערמאַן:**

איר זענט די קראַפט וואָס פירט מיט דער מאַשין,
איר זענט די מאַכט וואָס טוט די ערד באַוועגן;
פון אומעטום, ווי זון, גייט אויף איר טיפער זין,
און איר דאַרפט גיין מיט הערצער אָפענע אַנטקעגן...
נאָר ניט אַליין, ניט יעדערער באַזונדער,
נאָר אַלע הונגעריקע פון דער ערד צוזאַמען,
און איר אַנטפּלעקן וועט דעם סוד פון לעצטן וואונדער,
די ווינטן איינשפּאַנען און שפּאַלטן יאַמען.
איר מוזט ביז טויט פאַרליבן זיך אין לעבן,
און קענען פאַרן לעבן, לעבן געבן,
ווייל דער וואָס פאַרן לעבן, לעבן גיט,
דער האָט פאַר זיך געוואונען אייביק לעבן...
(אויף די טרעפּ כאַפּט זיך אַרויף אַן אַנדער יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין אַרבעטס־קליידער)

**צווייטער יונגערמאַן:**

ווי לאַנג וועט איר זיך איינהערן צו דרשות,
פון שיינע רייד און פליגלדיקע ווערטער?
די וואָס האָבן געבראַכט אהערצו די מאַשין,
זיי רעדן אויך אַזעלכע שיינע רייד,
און הייסן נאָר געדולטיק וואַרטן אויפן שפּעטער!...
נאָר עסן קענען מיר ניט קיין געדולט!
די קינדער ווילן מילך ניט קיין געדולט!
ביז איר וועט גרייכן אַלע הונגעריקע פון דער ערד,
וועט אָנקומען משיח אויף זיין פערד...
וואָס בלייבט פאַר אונז דערווייל צו טאָן?
דערווייל ווי זאָלן מיר דערהאַלטן אונזער לעבן?
זיך אונטערגעבן דער מאַשין?
אויף דעם האָט ער קיין ענטפער ניט געגעבן!

צי הערט איר דען ניט, אַז ער רעדט ווי זיי?
פאַרשטייט איר ניט, אַז זיי האָבן אַהערצו אים געשיקט
ער זאָל אייך אָפּקויפן מיט שיינע רייד,
און לאָזן זיך פאַרשקלאַפן דער מאַשין?
פאַראַן איין ענטפער נאָר: צעברעכן די מאַשין,
די וועבשטולן צוריק אַוועקצושטעלן!

**המון:**

גערעכט!... און הונדערט מאָל גערעכט!...
צעברעכן די מאַשין!...
מיר ווילן די וועבשטולן צוריק!...

**יונגע פרוי:**

צו דער פאַבריק!... די טירן ברעכן!...

**המון:**

די טירן ברעכן!...
(המון לאָזט זיך צו דער פאַבריק)

**ערשטער יונגערמאַן:**

(פאַרשטעלט די טיר מיט הענט און קערפּער)
בלינדע!... וואָס טוט איר?...
אין אייער עלנטער פאַרצווייפלונג
דערהאַרגעט איר אייער דערלייזער!...

**צווייטער יונגערמאַן:**

ניט הערט אים!... זיינע ווערטער זיינען סם!...
באַצאָלט אים דעם פאַרדינסט פון אַ פאַרעטער!...
די שטראָף פון אַ פאַרעטער: טויט!...
(פון המון נעמען פליען שטיינער. דער יונגערמאַן פאַלט אַ פאַר־בלוטיקטער)

**יונגערמאַן:**

(קוים וואָס זיינע ליפּן מורמלען)
אָ, עלנטע!... אָ, הונגעריקע!... אָ, פאַרפירטע!... קנעכט!...
(המון ברעכט אויף די טיר. לויפט צו/צו דער מאַשין. פאַרמעסט זיך אויף איר מיט אייזנס, שטעקנס, שטיינער)

**קול:**

(קומט פון דער מאַשין)

רירט מיך ניט אָן!...

**המון:**

(טרעט אָפּ אויף צוריק, דערשראָקן)

**אַלטער מאַן:**

גאָט העלף אונז!...

די מאַשין רעדט ווי אַ מענטש!...

דער טייוול!... דער טייוול!...

**יונגע פרוי:**

איר האָט זיך דערשראָקן פאַר אים?

וואו זיינען די מענער, די העלדן?

טויט דעם טייוול!...

(פאַרמעסט זיך אויף דער מאַשין)

(אויפגעמונטערטע פון דער יונגער פרוי'ס האַנדלונג רוקן זיך מענער און ווייבער איינציקווייז ארויס פון המון, ביז דער גאַנצער המון פאַרמעסט זיך ווידער)

**קול:**

ניט טייוול!... גאָט בין איך!... מענטש!...

איר האָט מיך גערופן,

איך זאָל אייך זיך העלפן באַפרייען,

איך זאָל אייך זיך העלפן דערלייזן...

ווי אייך, האָט די ערד מיר געבוירן,

איך קען פון דער ערד אַלע סודות,

איך וויים וואו זי האַלט אירע אוצרות,

מדבריות קען איך פאַרוואַנדלען,

אין שטעט און אין בליענדע פעלדער,

כ'קען שפאַנען דעם ים און די ווינטן,

די לופט און די שטורעמס באַהערשן,

כ'קען מאַכן, אַז איר זאָלט ווי אדם

און חוה אַמאָל אין גן עדן,

נאָר זינגען צוגלייך מיט די שטערן...

**המון:**

טאַ מאַך עס!...

**קול:**

איך קען ניט אָן אייך!...
איך דאַרף אייער הילף!...
מען האָט מיך געפּענטעט!... פאַרשקלאַפּט!...
מען קרייציקט פאַר יעדער מרידה...
באַפרייט מיך, און איך וועל אייך דאַן,
אַלע ווי איינעם באַפרייען...

**המון:**

קענסט געטלעכן וואונדער באַווייזן,
און קענסט זיך אַליין ניט באַפרייען!...
ווי זאָלן מיר שוואַכע, דיר העלפן?
מאַכסט חוזק פון אונז?
טרייבסט שפּאַס איבער אונזערע ליידן?...

**קול:**

איר האָט דאָך אַ האַרץ, אַ נשמה,
און בלוט וואָס אין אָדערן רינט;
איר האָט דאָך אַ לעבן צו געבן,
און איך בין נאָר מוח דערוויל...
איך דאַרף נאָך אַ האַרץ, אַ נשמה,
ערשט דאַן קען איך מאַכן אייך פריי...
מיינע אָדערן זיינען נאָך ליידיק,
פילט אָן די אָדערן מיינע מיט בלוט!...

**המון:**

בלוט ווילסטו!...
ווילסט אונזערע לעבנס!...
דו טייוול!...
אָט האָסטו דיר!... נאַ!...

(דער המון הויבט אָן צו זעצן איבער דער מאַשין. די קלעפּ האָבן לויז געמאַכט די טראַנסמיסיעס. די מאַשין הויבט זיך אָן באַוועגן מיט

מוראדיקן געפילדער. (אין אימה טרעט דער המון אָפּ אויף צוריק, נעמט לויפן צום אַרויסגאַנג)

**המון :**

גאָט העלף אונז!... ראַטעוועט!... דער טייוול!...

(זעלנער קומען אָן, רינגלען אַרום דעם המון)

**קאָמאַנדיר** (רופט אויס) :

פאַר צעשטערן די מאַשין, איז טויט די שטראָף,

באַפעל פון קעניג!...

(יאָמער, געוויין, געשריי)

**משוגענער :**

פּחדנים!...

(דאָס בילד בייט זיך : די טרעפּ פון דער פאַבריק ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ טריבונע. אויף דער טריבונע באַווייזט זיך די געשטאַלט פון דעם יונ־גענמאַן, וואָס איז געפאַלן אונטער די שטיינער פון המון, אין דער פּערזאָן פון מאַרקס. אין הינטערגרונט שטייט אַ גרויסע פאַבריק. פון אינווייניק הערט זיך דאָס רוישן פון מאַשינען. מען זעט ווי רייען אַרבעטער גייען אַריין און אַרויס, ווי אַטאָמאַטן)

**מאַרקס :**

זינט מענטש האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז מענטש,

האָט ער חלומות צוויי אין בלוט געטראָגן :

איין חלום זיינער איז געווען : מאַכט!

דער צווייטער חלום איז געווען : פרייהייט!

צעצווייט, האָט ער אין גאַנג פון יאָרן

זיך צעפּיצלט אויף די בלעטער פון געשיכטע...

נאָר שטענדיק האָט דאָס קול פון דעם באַשעפער

אין בלוט באַ אים געמאָנט און האָט געשריגן :

וואו ביזטו?... איך בּיינק נאָך דיר!...

און שטענדיק האָט דער מענטש אים אָפּגעענטפערט :

— איך בּיינק נאָך דיר!... וואו ביזטו?...

איך זוך דעם וועג, און קען אים ניט געפינען!...
און שטענדיק האָט דאָס קול אין בלוט צוריק געענטפערט:
— זוך ווייטער!... וועסט געפינען!...
דער מענטש האָט זיך אוועקגעלאָזט צום הימל
זוכן דעם באַשעפער... און ווידער האָט
דאָס קול אין בלוט צו אים געשריגן:
— דו האָסט נאָך ניט אַנטפּלעקט די ערד וואָס גיט דיר לעבן!...
און אָפּגעענטפערט האָט דער מענטש צוריק:
— די ערד איז בייז און אומרחמנותדיק,
די ערד ברענגט טויט!...
פאַרשאָלטן איז די ערד!...
און ווידער האָט דאָס קול אין בלוט גערעדט:
— דעם טויט האָסטו געבראַכט!...
די ערד מיין ברכה האָט פאַרזייגלט אין איר בויך,
כ'האָב גאָר מיין וועזן אין דער ערד פאַרפלאַנצט,
כ'האָב גאָר די ליבשאַפט איבער איר פאַרשפּרייט,
כ'האָב גאָר די שיינקייט אין איר האַרץ פאַרזייט...
נעם, עפן זי, באַמאַן זי מיט דיין זאָמען,
און זי וועט אויפבליען, און הייליקן דיין נאָמען...
און ס'איז דער מענטש אַוועק די ערד געווינען,
און אויסגעלערנט האָט ער זיך איר שפּראַך;
אָנשטאָט צום הימל, האָט ער גענומען רעדן
צו לופט, צו וואַסער, צו מעטאַל, צו שטיין,
און ס'האָט זיין אייגן קול פון זיי צוריקגעקלונגען:
— מיר זיינען איינס געווען, איין גוף און איין נשמה,
און דו האָסט אונז צעשיידט... פאַראייניק אונז צוריק!...
מיר זיינען דאָס דער וועג וואָס פירט צו דעם באַשעפער...
און ס'איז דער מענטש אַוועק און זיי פאַראייניקט,
און אָנגערופן ס'ניי־געבוירענע: מאַשין!...
נאָר אין די אָדערן אירע פעלט נאָך בלוט,
אַז ס'זאָל דאָס האַרץ אַ לעבעדיקע קענען שלאָגן...
ווען מיר דאָס בלוט, דאָס נויטיקע, איר געבן?...

**פאַרזאַמלטע:**

(שטייען אויף ווי איין מאַן, מיט אויסגעשטרעקטע הענט ווי צו אַ שבועה)

מיר וועלן געבן!...

**מאַרקס:**

גייט צום המון פון דער ערד,
און זאָגט אים אָן:
דער גואל איז געבוירן געוואָרן...
די גאולה איז נאָענט...
נאָר דער גואל דאַרף בלוט,
ער זאָל אָנהויבן לעבן...

**פאַרזאַמלטע:**

מיר וועלן אים געבן דאָס בלוט!...

(פון הינטערגרונט וואו עס שטייט די פאַבריק, הערט זיך דאָס פאַרשטאַרקטע רוישן פון מאַשינען. רייען אַרבעטער, ווי אַרמייען זעלנער, מאַרשירן אין איין טיר אַריין און פון דער צווייטער אַרויס)

(די סצענע פאַרטונקלט זיך. ווען עס ווערט ווידער ליכטיק, שטייט אויף דער טריבונע היטלער. פאַר דער טריבונע אַ גרויסער, אָפּענער פּלאַץ, אָנגעפּילט מיט המון)

**היטלער:**

...איר האָט זיך פאַרפירן געלאָזט פון אַ גאָט,
וואָס איז טויב, וואָס איז שטום, ווייל אין ערגעץ ניטאָ;
וואָס אַ ביטערע און שווינדלעריש פאָלק האָט פאַרטראַכט
ווי אַ מיטל צו קענען באַהערשן די וועלט.
איצטער קרעכצט איר און זיפצט אונטער גוואַלטיקן יאָך,
און באַשערט איז אייך זיין צווישן פעלקער דאָס פאָלק.
ווי זעט אויס זייער גאָט, וואָס זיי צווינגען אויף אייך?
אַ צעקראָכענער איז ער, און שוואַך ווי אַ פרוי,
וואָס מאָנט ליבע, גערעכטיקייט, גלייכהייט און גאָר...
אומזין!... ניטאָ אַזאַ גאָט אויף דער וועלט!...
גאָט איז מאַן, גאָט איז קריג, גאָט איז בלוט, גאָט איז העלד!...

שטאַרק און שוואַך איז דער סדר, אַט אַזוי איז באַשערט,
פֿאַר דעם שוואַכן קיין פּלאַץ איז ניטאָ אויף דער ערד.
גאָט אַליין האָט די מענטשהייט אין ראַסן צעטיילט,
און די שטאַרקערע ראַסע פֿאַר זיך אויסדערוויילט,
און ער האָט איר געגעבן דאָס ריינערע בלוט,
און דאָס בלאַנד פֿון זיין זון אויף איר קאָפּ גערוט.
ווייל אַז ניט, איז צו וואָס האָט ער ראַסן געמאַכט,
בלאַנד און ליכטיק ווי זון, שוואַרץ און פֿינצטער ווי נאַכט?
מענטש אַליין איז ניט ווערט ס׳מינדסטע שטויב אויף דער ערד,
מענטש האָט שטענדיק געלעבט אויף דער ערד מיט דער שווערד,
ווי אַ פֿאָלק, נאָר אַזוי איז ער זיכער מיט זיג —
פֿאָלק, האָסט דיין גורל פֿאַרקויפֿט, נעם עס אָפּ אויף צוריק!...

**המון:**

קריג!...
אַהער אונזער גורל צוריק!...

**היטלער:**

דאָס פֿאָלק וואָס האָט אויסגעשפּרייט נעצן,
מוז אָפּזאָגן זיך פֿון דער מאַכט;
ווייל ער האָט מיט זיינע געזעצן,
אַ וועלט שיר ניט אונטערגעבראַכט.
און איצט האָט דער זייגער געשלאָגן
דעם סוף צו דעם פֿאַלשן געבאָט;
מיט שמחה וועט אַריער טראָגן
זיין לעבן דעם אמתן גאָט.
דעם גאָט וואָס האָט סדר און זינען,
איך הער שוין דעם טאָן פֿון זיין ליד:
— ווען איבערן מעסער וועט רינען,
דאָס בלוט פֿון דעם לעצטן איד...

**המון:**

...ווען איבערן מעסער וועט רינען
דאָס בלוט פֿון דעם לעצטן איד...

**היטלער:**

צום הייליקן קריג!...

**המון** (סאַלוטירט):

צום הייליקן קריג!...

(עס שפּילט אויף אַן אָרקעסטער. **המון** מאַרשירט אַוועק זינגענדיק. די סצענע פאַרטונקלט זיך. עס דערהערט זיך דאָס שיסן פון קאַנאָנען)

(די סצענע בלייבט אַ ווײַלע פאַרטונקלט און ליידיק. דורך דער צייט דערהערט זיך אַ קול)

**קול:**

מענטש איז איינס געוועזן,
און ער האָט זיך געשפּאָלטן, צעצווייט;
איין טייל האָט ער גערופן: לעבן,
איין טייל האָט ער גערופן: טויט.
און אויפגעשטעלט גייסט און חומר
פאַר זיך ווי אַן אייזערנעם צאַם;
ביידע קענען ניט לעבן באַזונדער,
און מוזן צוריקגיין צום שטאַם.
דער מענטש האָט דעם צייכן פאַרלאָרן
וואָס האָט אים אין צווייען צעטיילט;
נאָר דאָס בלוט וויל ניט ווערן אנטשוויגן,
דעם ריס וויל אים ווערן פאַרהיילט...
איצט האָט ער דעם צייכן געפונען,
און גאַנץ מוז ער ווערן צוריק;
ער ראַנגלט דאָס לעצטע געראַנגל,
און קומט מיט אַ ליכטיקן זיג...

הערט:

עס שפּאַלט זיך די ערד,
מיט טויט שפּייען יאַמען,
הימל רעגנט מיט טויטלעכן רעגן,
עס ברעכן זיך צאַמען,
עס פאַלן איין ווענט, מויערן,
צעפּראַלט ווערן טויערן,
מענטש ווערט געבוירן...

(עס ווערט ליכטיק. אויף צוויי באַזונדערע טריבונעס שטייען מאַרקס און היטלער. אין הינטערגרונט שטייט די פאַבריק. צוויי זעלנער ראַנגלען זיך מיט שפּיזן. איינער פאַלט אַנידער. דער צווייטער שטעלט אים צו דעם שפּיז צום האַרץ און וויל עס דורכשטעכן)

**מאַרקס:**

האַלט!... וואָס טוסטו?...

**זעלנער:**

(טוט זיך אַ טרייסל. טוט זיך אַ צי אויף צוריק)
כ'וויל לעבן
ער רויבט עס פון מיר!...

**מאַרקס:**

ווי קען ער דיר רויבן די זון,
אַז זי שיינט פאַרביידן?
ווי קען ער דיר רויבן דעם רעגן,
אַז ער פאַלט פאַר ביידן?
ווי קען ער די רויבן דאָס ברויט,
אַז ער וואַקסט פאַר ביידן?
ווי קען ער דיר רויבן דאָס וואַסער,
אַז עס פליסט פאַר ביידן?
ווי קען ער דיר רויבן די לופט,
אַז עס עטעמט פאַר ביידן?
ניט ער! דאָס האָט דער דיר דאָס לעבן פאַרשטעלט,
און פאַרטונקלט די זון און דאָס ליכט פון דער וועלט...

**היטלער:**

דאָס האַרץ שטעך אים דורך!
ס'איז ניטאָ אויף דער ערד
פאַר אייך ביידן קיין פּלאַץ,
קעמף עס אויס מיט דער שווערד,
רייניק אָפּ דאָס פאַרפּעסטעטע
בלוט פון דער ערד...

**מאַרקס:**

עס קומט דיין בלוט און זיין בלוט פון זעלביקן קוואַל,
פון דער זעלביקער טראַכט וואָס כסדר געבערט,
וואָס האָט אייביקן זאָמען פאַרפלאַנצט אין דער ערד,
וואָס האָט אייביקן לעבן פאַרקערפּערט אין זון,
וואָס האָט ליבע פאַרפלאַנצט אין דעם מענטשלעכן האַרץ;
און דאָס אַלץ האָט געמאָנט און געפאָדערט אַ זין,
און ער האָט זיך אַנטפּלעקט, און זיין נאָמען איז מענטש!..
נאָר אָט דער האָט דעם נאָמען פאַרביטן אויף פאָלק,
און האָט נאָכדעם אין פעלקער צעפּיצלט דעם מענטש,
און פאַרטראַכט פאַר דעם מענטשן אַ פעלקערשן גאָט,
און פאַר יעטוועדן פאָלק אַ באַזונדער געבאָט,
אַ באַזונדערן גורל, אַ באַזונדערע פּאָן.
נאָר דער גורל איז דיינער דערזעלבער ווי זיין,
איר זענט לייבלעכע ברידער און בלוטיק פאַרוואַנדט,
און אייךביידן באַשערט איז די ליכטיקע שיין...
הויב אים אויף, וואַש אים אָפּ און דערלאַנג אים די האַנט!
דאָרטן שטייט די מאַשין, זי איז דינען אייך גרייט,
זי האָט שפּייכלערס מיט שפע פאַר אייך אָנגעגרייט,
גייט צוזאַמען און נעמט, זאַלבעצווייט זענט איר שטאַרק,
און צוזאַמען מיט איר, קענט איר רירן אַ באַרג...

**היטלער:**

(ציט אַרויס אַ פּיסטויל)
ווער ס'וואַגט מאַכן אַ טראָט, מיט זיין לעבן באַצאָלט!...

**זעלנער:**

(הויבט אויף די ביקס. צילעוועט. שיסט אויס. היטלער פאַלט אַ פאַרבלוטיקטער אויף דער טריבונע)

**קול:**

געפאַלן דאָס בייז פון דער וועלט,
געפאַלן דער האַס פון דער וועלט,
געפאַלן דער טויט פון דער וועלט,

פֿאָלק איז געשטאָרבן,
מענטש איז געבוירן געוואָרן...

(פֿון אינווענינג אין דער פֿאַבריק הערט זיך אַ קרעכץ ווי פֿון אַ געווי־
נערן, ווען דאָס קינד מאַכט דעם לעצטן פֿאַרזוך און באַווייזט זיך
אויף דער וועלט, און באַלד נאָך דעם אַ רויש פֿון מאַשינען)

**מאַרקס:**

דער גואל האָט געקראָגן בלוט אין די אָדערן,
דער גואל האָט אָנגעהויבן לעבן!...
ציט אַרויף די פֿאָן פֿונם גואל!...

(פֿון אַלע זייטן באַווייזן זיך זעלנער מיט פֿאָנען. וואַרפֿן זיי צענויף
אין אַ בערגל. איין זעלנער גייט צו און צינדט אונטער דאָס בערגל
פֿאָנען. עס טוט אַ פֿלאַקער אויף און באַלד זעצט זיך דאָס פֿייער.
דאָס אַש גליט און קוקט אויס פֿון דער ווייטן ווי אַן אויפֿגייענדיקע
זון. פֿון גליענדיקן אַש הויבט זיך אויף אַ רויטע פֿאָן, און ווי פֿייער
גליען אויף איר די ווערטער:
לא תרצח!
לא תגנוב!
לא תחמוד!

(דאָס רויש פֿון מאַשינען הערט אויף. די טיר פֿון דער פֿאַבריק
ווערט אויפֿגעפּראַלט. עס באַווייזט זיך די געשטאַלט פֿון דער מאַשין
און נאָך איר פֿיר אַנדערע געשטאַלטן: געשטאַלט פֿון ערד, געשטאַלט
פֿון וואַסער, געשטאַלט פֿון לופֿט, געשטאַלט פֿון פֿייער)

**געשטאַלט פֿון מאַשין:**

מיר זיינען פֿינף געשטאַלטן,
וואָס זיינען דיר דינען גרייט;
אין אונז ליגט פֿאַרבאַהאַלטן
נאָר דאָס גליק און נאָר די פֿרייד, —
מייסטער, באַפֿעל, רייד!...

**געשטאַלט פֿון דער ערד:**

אין מיינע אָדערן רינט לעבן,
ווי אין דיינע אָדערן בלוט;

איך האָב געוואָרט, זיך אוועקצוגעבן,
אויף אָט דער גליקלעכער מינוט,
אויף אָט דער רגע פרייד, —
נעם מיך, מייסטער,
איך בין גרייט!...

**געשטאַלט פון וואַסער:**

איך וויל ניט מער קיין סוד פארבלייבן,
און נאָר לעבן אין דער טיף;
מיט איין טראָפּן קען איך טרייבן
איבער יאַם די גרעסטע שיף,
כ'בין דיר גרייט אוועקצושײנקען
דעם כוח וואָס אין מיר...

**געשטאַלט פון פייער:**

עס טוט ליבע מיך פארצערן,
וואָס איז טיפער ווי דער יאַם;
איך קען ליכט און פרייד געבערן —
נעם, באַרואיק, קיל מיך, צאַם...

**געשטאַלט פון לופט:**

איך קום פון אַלע עקן,
און טראָג מיט זיך דעם סוד;
איך בין עס גרייט אַנטפּלעקן,
עס פירט דעם וועג צו גאָט, —
גיב, מייסטער, דאָס געבאָט!...

(פון אַלע זייטן נעמט ציען המון, ווי צו אַן עפנטלעכן יום טוב. ווען דער המון קומט אָן נעמען זיך באַווייזן שווערע וואָלקנס אויפן הימל. אַ דיקע פינצטערניש הילט איין אַלץ און אַלעמען, אויסער דעם פּלאַץ וואו עס שטייט מאַרקס. עס ברעכט אויס אַ שטורעם. עס געדויערט אַ רגע און דער שטורעם נעמט זיך איינשטילן. שטראַלן ליכט נעמען שפּאַלטן די פינצטערניש, ביז עס ווערט ביסלעכווייז פארשוואונדן, און עס שיילט זיך אַרויס אַ קיילעכדיקע זון. דורך דער צייט פון דער פינצטערניש איז דער המון פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לויטער יוגנט. אַ הייליקע שטילקייט)

**מאַרקס:**

(שטרעקט אויס די האַנט אין דער ריכטונג פון דער אויפגייענדיקער זון)

דאָס צוגעזאָגטע לאַנד!...

**המון:**

דאָס צוגעזאָגטע לאַנד!...

(פּלאַצט אויס אין געזאַנג)

(עס דערהערט זיך דאָס רויש פון מאַשינען, דאָס פאַלן פון וואַסער, דאָס פייפן פון שיפן, דאָס געדודער פון עראָפּלאַנען)

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# באַרג פון זון

געשטאַלטן:

משה　　　　　　קול

(אויף דעם פּלאַץ וואו עס איז געשטאַנען די טריבונע אויף וועלכער עס איז געשטאַנען מאַרקס, זעט זיך אַ באַרג. אויפן באַרג שטייט משה. אונטן ציען די פעלקער מיט געזאַנג אין דער ריכטונג פון דער אויפגייענדיקער זון. משה שטייט מיט הענט אויפגעהויבענע צום הימל. עס דערהערט זיך אַ קול)

קול:

וואָס נאָך פאַרלאַנגסטו?
איך האָב דיר צוגעזאָגט:
— דער אמת פון דיין וואָרט
וועט אויסלייזן די ערד,
און כ'האָב מיין וואָרט געהאַלטן,
דער מענטש איז פריי,
ער האָט באַזיגט די ערד;
איך האָב פאַר אים אַנטפּלעקט
דעם סוד פון דער יצירה;
איך האָב אים אויפגעדעקט
דעם קוואַל פון חכמה;

כ'האָב גאָר די ליבע
אויפגעוועקט אין אים;
כ'האָב גאָר די שיינקייט
אויפגעשטראַלט אין אים, —
און דו ביזט אַלץ נאָך ניט צופרידן?

**משה:**
ניין!

**קול:**
וואָס נאָך געבליבן
וואָס דו קאָנסט פאַרלאַנגען?

**משה:**
איך האָב דיך, קול, די גאַנצע צייט געהערט,
כ'וויל זען דיין פּנים!...

**קול:**
מיין פּנים קען קיין שטערבלעכער ניט זען,
און בלייבן לעבן!...

**משה:**
איך וויל אומשטערבלעכקייט!...
כ'וויל וויסן וואָס באַוועגט אַ האַנט, אַ פוס;
וואָס איז דער אָטעם וואָס מאַכט דאָס האַרץ צו קלאַפּן?
וואָס פירט דאָס בלוט אַרויף־אַראָפּ אין קערפּער?
וואָס צינדט די תאווה אָן אין לייב פון מאַן און פרוי?
וואָס איז די אייעלע וואָס ווערט אין מענטש פאַרוואַנדלט?
און וואָס שטעלט אָפּ באַוועגונג פונם קערפּער? —
כ'וויל וויסן וואָס איז טויט,
און וואָס איז לעבן?...

**קול:**
דאָס לעבן מוזטו איינשטעלן
דאָס צו אַנטפּלעקן!...

**משה:**
כ'שטעל איין!...

**קול:**

דו זאָלסט אַנטפּלעקן!
ווייל דו ביזט רייף געוואָרן!...
געדיינקסט ווי האָסט געציטערט פאַרן טויט,
און איך האָב צווינגען דיך געמוזט צו שטאַרבן?
ווי כ'האָב אַנטקעגן דיין לעבן
אַוועקשטעלן געמוזט דאָס לעבן פונם פאָלק,
און דיר געגעבן די ברירה אויסצוקלייבן?
און דו האָסט אויסגעקליבן ריכטיק.
איצט ביזטו מענטש,
און רעדסט ווי מענטש דאַרף רעדן,
איצט ביזטו גרייט דאָס לעבן איינצושטעלן...
טאָ וויסן זיי:
באַ דיין געבורט,
איז אין דיין וועזן פאָרגעקומען שפּאַלטונג:
האָסט זיך געשפּאָלטן אויף חומר און אויף גייסט,
נאָך איידער כ'האָב דעם עלעמענט געפונען,
וואָס זאָל דיך גאַנץ מאַכן צוריק...
און דיינע בײדע טיילן
געוואָלט האָבן הערשן
איינס איבערן צווייטן...
די הערשאַפט פון דיין ערשטן טייל
האָט זיך פאַרענדיקט;
און ס'הויבט זיך אָן די קעניגרייך פון צווייטן, —
דער חומר איז באַזיגט,
דער מוח פון דער וועלט איז פריי געוואָרן?
אין אים באַהאַלטן ליגט דער עלעמענט,
וואָס כ'האָב געזוכט, צו קענען גאַנץ דיך מאַכן,
און דו אַליין נאָר קענסט זיין סוד אַנטפּלעקן...

**משה:**

וואָס דאַרף איך טאָן?

קול:

פֿאַרזעצן דעם קאַמף!...

משה:

מיט וועמען?

קול:

מיט די עלעמענטן,
ווי דו האָסט עס געפֿירט
די גאַנצע צייט מיט חומר...
און איידער ס׳ווערט
דער זעקסטער טאָג,
דאָס זעקסטע טויזנט יאָר, פֿאַרענדיקט,
וועסטו דעם סוד אַנטפּלעקן...

משה:

כ׳וועל פֿאַרזעצן דעם קאַמף!...

(די זון זעצט זיך. אַ פֿאַרנאַכטיקער נעבל הויבט זיך אויף פֿון טאָל
און הילט איין משהן און דעם באַרג)

(פֿ אָ ר ה אַ נ ג)

# ליכטיקער סוף — ליכטיקער אָנהויב

געשטאַלטן :

וויסנשאַפטסמאַן אַסיסטענט

געשטאַלט פון ליכט

(אַ ריזיקע לאַבאָראַטאָריע אויסגעשטאַט מיט די מאָדערנסטע וויסנשאַפטלעכע
אַפּאַראַטן. אין דער לאַבאָראַטאָריע שפּאַנט אַרום אַ וויסנשאַפטסמאַן
און מאַכט עקספּערימענטן. אַן אַסיסטענט שטייט און מישט צע־
נויף פאַרשידענע וואַסערלעך. דער וויסנשאַפטסמאַן גייט צו
צו אַ טעלעסקאָפּ און קוקט אַריין)

**וויסנשאַפטסמאַן :**
איך זע אים!...

**אַסיסטענט :**
וועמען, מייסטער?

**וויסנשאַפטסמאַן :**
גאָט!...

**אַסיסטענט :**
ווי קוקט ער אויס?

**וויסנשאַפטסמאַן:**

ווי מאַן און פרוי פאַראייניקט;
די גאַנצע ליבלעכקייט פון פרוי אין אים,
די גאַנצע גבורה פון דעם מאַן אין אים,
און אַלע זיינע גלידער — דאַכט זיך גלידער,
נאָר שטראַלן מיט אַזאַ פאַרבלענדעניש!...

(עס פראַלט זיך אויף די טיר באַם סאַמע עק פון דער לאַבאָראַטאָריע. אַ בלענדנדיקע ליכטיקייט טוט אַ שפּאַר אַריין. פון דער ווייט, באַם סאַמע סוף פון קאָרידאָר, שפּאַנט אַ געשטאַלט, וואָס עמאַנירט פון זיך דאָס ליכט).

**אַסיסטענט:**

מייסטער, זע!...

**וויסנשאַפטסמאַן:**

(הויבט אויף די אויגן פון טעלעסקאָפּ. קוקט געפּלעפּט)
דאָס איז ער! —
מענטש־גאָט!...
ליכטיקער סוף!...
ליכטיקער אָנהויב!...

(פאָרהאַנג)